## Gerechtigkeit (Vol. 21, Iss. 11)

### Keywords
International Ladies' Garment Workers' Union, ILGWU, Gerechtigkeit, labor unions, clothing workers, textile workers, garment workers, garment industry, New York, United States, Yiddish, Jewish

### Comments
*Justice* was the official publication of the International Ladies' Garment Workers' Union ILGWU from 1919 to 1995. Editions of *Justice* were published in English, Italian, Spanish, and Yiddish. When compared side by side, the content of some of these different editions of *Justice* shows significant differences. *Gerechtigkeit* was the Yiddish-language edition of *Justice*.

# רוף פון פרעזידענט דובינסקי צו שטיצען דעם קאמף פאר בילינגס׳ פארטיידיגונג

נאכדעם ווי דער ארבעטער מארטירער ווארען ק. בילינגס האט אפיציעל אויפגעפאדערט די מוני דעפענס קאמיטע מער ניט צו מישען זיך און ניט רעדען אין זיין נאמען און האט ערקלערט אז פון די געלט וואס די קאמיטע האט געזאמעלט איז קיין איין סענט ניט איבערגעגעבען געווארען פאר דער בילינגס פארטיידיגונג — האט פרעזידענט דובינסקי אויפגעפאדערט אלע לאקאלס און מיטגלידער צו העלפען בילינגס׳ן דירעקט דורך ביישטייערונגען צו דער בילינגס-קאמיטע.

דער בריף, וואס בילינגס האט געשיקט צו דער „טאם מוני מאלדערס דעפענס קאמיטע", לייענט זיך ווי פאלגט:

„אונטער די באדינגונגען פון דעם אפמאך, וואס איז דערגרייכט געווארען צווישען טאמאס דזש. מוני און ווארען ק. בילינגס, ווערלען אלע אנגעלעגענהייטען אין שייכות מיט דער פארטיידיגונג פון בילינגס׳ן פון איצט אן און ווייטער געהענדעלט ווערען דירעקט פון דער „בילינגס דעפענס קאמיטע", פאסט אפיס באקס 4543, סאן פראנציסקא, קאליפארניע.

„איר ווערט דערמיט דעריבער געמאלדען און אויפגעפאדערט אפצושטעלען אלע טעטיגקייטען אין נאמען פון, אדער באהויפטענדיג אז עס איז פאר, ווארען ק. בילינגס — און אויפצוהערען דרוקען זיין בילד אדער וועלכען עס איז צייכען וואס קען מאכען מענשען גלויבען אדער דענקען, אז איר זייט טעטיג אלס פארטרעטער אדער אגענטען פאר ווארען ק. בילינגס אדער לטובת אים.

„איר ווערט אויך אויפגעפאדערט איבערצוגעבען צו דער בילינגס-פארטיידיגונג אויף דעם אויבען אנגעגעבענעם אדרעס אלע בריף און מאטעריאלען וואס קומען אן דורך פאסט, וועלכע איז אייך איבערגעגעבען געווארען דורך א מיספארשטענדניש און וועלכע איז קלאר געצייכענט אדער אדרעסירט צו דער „בילינגס פארטיידיגונג", „בילינגס פארטיידיגונגס פאנד", „בילינגס פארטיידיגונגס קאמיטעט" אדער וועלכען עס איז אנדער טיטעל וואס באווייזט אז די באטרעפענדע מאטעריאלען אדער בריף זיינען געמיינט פאר בילינגס׳ן אדער זיין קאמיטעט.

„דאס אויבען געזאגטע שליסט אויך איין די טעטיגקייט פון דער סאן פראנציסקא בעי עירי א. פ. ל. קאמיטע פאר דער פארטיידיגונג פון מוני און בילינגס אדער וועלכע עס איז אנדער קאמיטע אדער ארגאניזאציע אונטער אייער פארוואלטונג און קאנטראל.

„אויפריכטיג און אכטונגספול אייערער,

(אונטערגעשריבען) ווארען ק. בילינגס.

פרעזידענט דובינסקי האט, אויסגעפינענדיג וועגען דער שטעלונג פון בילינגס׳ן, אויפגעפאדערט אלע לאקאלס פון דער אינטערנעשאנאל און מיטגלידער פון דער יוניאן צו שיקען זייער שטיצע פאר בילינגס׳ באפרייאונג צו דער „בילינגס דעפענס" אויף דעם אויבען אנגעגעבענעם אדרעס.

---

שיידונג פון דער קאמיטע מאדיפיצירט". אויב אזוי, הייסט עס דאך אז קיין קלוב האט שוין נישט עקזיסטירט, ווייל דזש. קאטץ האט דאך נישט געקענט האבען א קלוב פון זיך אליין. אפילו אין א קאפיטאליסטישען געזעץ פאדערט זיך אז מער ווי איין מענש זאל זיך האבען צוזאמענגערעדט אום צו קאנען יוערען באשולדיגט אין קאנספיראציע.

איך וויל שליסען מיט דער האפנונג נאך מער ווי בעפאר, אז ערשט איצט וועט די גענעראל עקזעקוטיווע, און ספעציעל פרעזידענט דובינסקי, זען אז דער באשלוס זאל דאך געענדערט ווערען.

און אויב דזש. קאטץ דארף אנגעקלאגט ווערען, זאל דאס זיין אויף דער קלאגע פון פארלוימדונג און נישט אין פארברעכענס פון קלובס און גרופעס.

מיט גרוס,

דזש. מענקאף, לאקאל 97 א. ל. ג. וו. י.

---

## שליסט זיך אן אן די עדיוקיישאנעל סענטערס.

מאנהעטען—דזשוליא ריטשמאן הײ סקול, סעקאנד עוו. און 68סטע סטריט. יעדען דאנערשטאג פון האלב נאך פיר ביז צען אווענט. עפענט זיך דעם 19טען אקטאבער.

בראנקס—טהעאדאר רוזוועלט הײ סקול, פארדהאם ראוד און וואשינגטאן עווענױ. יעדען פרייטאג פון 7.30 ביז 10.30. אנפאנג אקטאבער 20טען.

איסט הארלעם—העקשער פאונדעישאן, 104טע סטריט און פינפטע עווענױ. דינסטאג פון 7.15 ביז 10.30. אנפאנג אקטאבער 17טען.

וועסט הארלעם—הארלעם לעיבאר סענטער, 312 וועסט 125טע סטריט. דאנערשטאג פון 7.30 ביז 10.30 אווענט. אנפאנג אקטאבער 19טען.

ברוקלין—טהאמאס דזשעפערסאן הײ סקול, פענסילווייניא און דומאנט עווענױס. דינסטאג פון 7.30 ביז 10.30. אנפאנג אקטאבער 17טען.

בענסאנהורסט—ניו יוטרעכט הײ סקול, 79טע סטריט און 16טע עווענױ, ברוקלין. דאנערשטאג פון 7.30 ביז 10.30. אנפאנג אקטאבער 19טען.

פריי פאר אלע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנעל.

---

# דזשארדזש ווישניאק רייסט איבער אלע באציהונגען מיט קאמוניסטען

דזשארדזש ווישניאק, וועלכער איז יארען לאנג געווען פארבונדען מיט וויכטיגע ארבייט פאר דער קאמוניסטישער באוועגונג, און איז יארען לאנג געווען דער מענעדזשער, פריער פון דער „פרייהייט" און נאכדעם פון „דעילי ווארקער", האט נאך דער פאראייניגונג פון סאוועט-רוסלאנד מיט נאצי-דייטשלאנד און זייער שותפות׳דיגען איבערפאל אויף פוילען, איבערגעריסען אלע באציאונגען מיט דער קאמוניסטישער באוועגונג און אירע נאכלויפער און פארעפענטליכט די פאלגענדע ערקלערונג:

„אין קריטישע צייטען ווי די איצטיגע, דארף יעדער מענש קלאר מאכען זיין שטעלונג. עס איז ניט די צייט פאר ווע מען עס איז צו זיצען אויפ׳ן פארקאן. איך פיל דעריבער אז עס איז מיין הייליגע פליכט צו זיך אליין און צו מיינע פריינד קלאר צו מאכען מיין שטעלונג.

„די לעצטע פאסירונגען האבען אויפגעטרייסעלט און ערשטוינט די אלע וועלכע האבען אין דער פארגאנגענהייט געגלויבט, אז די סאוועט יוניאן און די קאמוניסטישע פארטיי איבער דער גאנצער וועלט קעמפען געגען פאשיזם און נאציזם. דער סאוועט-היטלער אפמאך האט דעם גלויבען פארניכטעט. אין 1937, נאך די מאסקווער משפטים, זיינען מאנכע פון די עלטסטע רעוואלוציאנערען און איניגע פון די בעסטע ארמיי-פירער דערשאסען געווארען, ווייל מען האט זיי באשולדיגט אז זיי זיינען פראנאצי. דער סאוועט-נאצי אפמאך האט די אילוזיע פארניכטעט. אפילו נאכדעם ווי דער אזוי גערופענער „ניט-אנגריף אפמאך" איז אונטערגעשריבען געווארען האט מען אונז געזאגט אז דאס איז געטאן געווארען כדי צו פארהיטען דעם פרידען אין אייראפע. אבער נאך איידער די טינט איז פארטריקענט געווארען אויף דעם לאזונג, האט היטלער אטאקירט פוילען פון מעריב און די רויטע ארמיי האט אריינגעמארשירט אין פוילען פון מזרח.

„יעדער איינער וואס באזיצט א ברעקעל מענשליכען פארשטאנד מוז באגרייפען, אז אט די צוגען זיינען געווען פון פריער צוגעגרייט. יעדער איינער וואס האלט אן זיינע פארבינדונגען מיט, אדער דריקט אויס סימפאטיע מיט די עלעמענטען וועלכע שטיצען דעם פארבאנד פון סאוועט רוסלאנד מיט נאצי דייטשלאנד, אויב ער זאל זיין אויסגעהאלטען, מוז דעריבער תפילה טאן אז היטלער זאל זיגען. דאס אנטזאג איך זיך צו טאן און ערקלער, אז איך בין ענדגילטיג און אן וועלכען עס איז צוריקגאנג פארטיג מיט די אלע וועלכע שטיצען און פארטיידיגען אזוינע פאליסיס פון קאאפעראציע מיט נאצי-דייטשלאנד און די אלע ברוטאליטעטען און שענדליכקייטען וואס די פאליסיס פון פאראט שטעלען מיט זיך פאר.

(אונטערגעשריבען) דזשארדזש ווישניאק.

---

# יוניטי הויז שליסט ערפאלגרייכען סעזאן אויף א גראנדיעזען אופן

די לעצטע דריי וואכען אין יוניטי הויז האבען זיך אויסגעצייכענט מיט א פראכטפולען וועטער, יום-טוב-דיגע מאסען און זעלטען געלונגענע פראגראמען און אונטערהאלטונגען. לייבאר דעי וויק-ענד איז יוניטי געווען געפאקט און דער עולם האט גוט פארבראכט יעדען מאמענט, וואס זיי האבען דארט געהאט. אלערליי סארטען ספארט-שפילען און טורנאמענטס, רייכע קאנצערטען און אנדערע פארווילונגען זיינען דורכגעפירט געווארען. איבער הונדערט געסט זיינען פארבליבען אין יוניטי די פאלגענדע וואך, ניט וועלענדיג זיך זעגענען אזוי שנעל מיט דעם זעלטען שיינעם פלאץ.

דער נעקסטער וויק-ענד פון 9טען און 11טען סעפטעמבער האט לאקאל 89 געהאט אן אויספאר אין יוניטי און די בילדינג טשערלייט פון לאקאל 22 האבען געהאט זייער יערליכען ארויספאר אונטער דער פירערשאפט פון זייער לאקאל מענעדזשער טשארלז זימערמאן. וויס-פרעזידענט אנטאניני, מענעדזשער פון לאקאל 89, האט יענעם זונטאג געגעבען זיין וועכענטליכען ראדיא-פראגראם דירעקט פון דער יוניטי הויז. א רייכער קאנצערט מיט בארימטע טאלאנטען איז דורכגעפירט געווארען און אנטאניני האט גערעדט.

איבער ראש השנה זיינען אין יוניטי הויז געווען עטליכע הונדערט געסט און באלד נאכדעם איז דער סעזאן געשלאסען געווארען.

---

## טרויער רעזאלוציע.

מיר, די ארבייטער פון די אניטרא קאמ., דריקען אויס פון טיפען הארצען אונזער צער און סימפאטי צו דער פאמיליע פון אונזער ליבען מיטארבייטער און חבר, ברודער מאקס גאלד, וועלכער איז פלוצלונג געשטארבען. ער איז געווען א גוטער ברודער און לאיאלער פריינד. מיר וועלען אים אימער געדענקען.

די קאמיטע: סעם פיטניק, יאקאבאוויטץ, לעווענסאן, ריינהארטץ — אלע פון לאקאל 117; בעלקין, לאק. 35; קאהען, לאק. 9.

---

# פארהיט אייער געלט

האט דער בעל-הבית אייערער באריכטעט צו דער סאשעל סעקיוריטי באארד די פולע סומע פון אייערע פארדינסטען דורך דעם יאר 1938?

אייער איינקונפט אויף דער עלטער און אייער ארבייטסלאזע פארזיכערונג הענגט אפ פון דער סומע וואס איז אויף אייך פארשריבען, אז איר האט פארדינט. עס איז דעריבער פאר אייך וויכטיג צו וויסען אויב אייערע פולע פארדינסט איז באריכטעט געווארען. דאס קענט איר אויסגעפינען אויב איר שניידט אויס דעם קופאן וואס איז דא געדרוקט, פילט עס אויס און שיקט אריין צו דער סאשעל סעקיוריטי באארד, קענדלער בילדינג, באלטימאר, מערילענד. זיי וועלען אייך צושיקען א סטייטמענט וועגען די פארדינסטען וואס אייער בעל-הבית האט פאר אייך אריינגעגעבען.

Account Number ______________

Date of Birth ______________
(Month) (Day) Year)

Social Security Board,
Bureau of Old-Age Insurance,
Baltimore, Md.

I am a member of the International Ladies' Garment Workers' Union.

Please send me a statement of the wages credited to my Old-Age Insurance Account for the year or years which I have checked: 1937 ☐ 1938 ☐.
(Print or Type Name and Address in Ink)

Name ______________

Street and number ______________

City and State ______________

Signature (Do not print) ______________

(The space below to be filled in by Social Security Board)
Statement of Old-Age Insurance Account, as per request:

1937 $ ______________ 1938 ______________

Social Security Board, Baltimore, Md.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Volume XXI. No. 11. | Jersey City, N. J., November, 1939 | Price 10 Cents

## דער גוטער גרוס, וואס פרעזידענט דובינסקי האט געבראכט פון זיין טור.

דער גרוס וואס פרעזידענט ד. דובינסקי האט געבראכט, קומענדיג צוריק פון זיין טור אין דער מיטעל וועסט, ביים פאסיפישען ברעג און אין קענעדע, וואו ער האט באזוכט די פארשידענע לאקאל יוניאנס פון דער אינטערנעשאנעל, איז זייער א דערפרייענדער.

אין די מייסטע ערטער, וואס ער האט באזוכט, איז ער שוין ניט געווען דריי יאר צייט און ער האט געקענט מאכען א פארגלייך ווי אזוי די יוניאן איז אויסגעוואקסען און האט זיך אנטוויקעלט פאר דער צייט.

אין די מייסטע ערטער, וואס פרעזידענט דובינסקי האט באזוכט אויף זיין טור, זיינען די ארגאניזאציעס פון דער אינטערנעשאנעל נאך גאנץ נייע. א סך פון זיי זיינען געשאפען געווארען ערשט אין די לעצטע דריי יאר. און אפילו די עלטערע פון זיי קענען איצט פייערן בלויז זייער פינף אדער זעקס יעריגען געבורטסטאג. אמת, אין מאנכע ערטער פון יענע ווייטע געגענדען זיינען אויך פאראן עלטערע ארגאניזאציעס פון דער אינטערנעשאנעל, אבער זייער צאל איז קליין. דער גרויסער וואוקס פון דער אינטערנעשאנעל אין דער מיטעל וועסט און אין דער ווייטער וועסט האט זיך אנגעפאנגען ערשט מיט עטליכע יאר צוריק און זי איז אין דער קורצער צייט אריינגעדרונגען אין אזעלכע שטעדט און שטעדטלאך, וואו מען האט פריהער אפילו ניט געוואוסט פון קיין יוניאנס, אדער, וואו מען האט זיך פאר זיי געשראקען ווי פאר פייער.

ווען די אינטערנעשאנעל האט מיט עטליכע יאר צוריק אנגעפאנגען שנעל וואקסען, — דאס איז געווען אין די טעג פון דער נ. ר. א. — האט זיך יעדער געשטעלט די פראגע: ווי לאנג וועלען אט די „נ. ר. א. בייביס", ווי מען האט דעמאלט גערופען די נייע מיטגלידער, זיך האלטען אין דער יוניאן? און אין דער פראגע איז שוין אויך געלעגען דער ענטפער. מען האט נעמליך שטארק געצווייפעלט, אויב זיי וועלען זיך לאנג האלטען. נאר דאס איז יעדענפאלס געווען א פראגע וועגען וועלכער מען האט געקענט ספעקולירען. א פראבלעם אבער פאר דער יוניאן איז געווען ווי צו קריגען די נויטיגע צאל אפיצירען פאר דער גרויסער ארמיי פון די נייע רעקרוטען, וואס האלטען אזוי שנעל אין וואקסען.

דער נייער עלעמענט, וואס איז אריינגענומען געווארען אין דער יוניאן, איז געווען א גאנץ רויער, אן אומבאקאנטער, וואס איז קיינמאל ניט געווען ארגאניזירט און האט צום גרויסען טייל ניט געהאט קיין באגריף פון א יוניאן. די פראגע ווי לאנג זיי וועלען זיך האלטען אין דער יוניאן האט מען געקענט דיסקוטירען, ווען מען האט צייט געהאט, אבער ארגאניזירען מוז מען דאך זיי און מען מוז דאך זיך באמיען זיי צו מאכען פאר גוטע יוניאן מיטגלידער. וואו נעמט מען אבער די מענשען, וואס קענען די ארבייט טאן?

ווען א יוניאן וואקסט שטופענווייז, אנטוויקלען זיך אין איר מיט דער צייט די נויטיגע פירער, בעאמטע א. א. וו. ווען אבער א יוניאן וואקסט אויס מיט א מאל זייער גרויס, ווערט די פראגע וועגען „אפיצירען" פאר דער נייע־רעקרוטירטער ארמיי זייער אן ערנסטע.

דער גרוס, וואס פרעזידענט דובינסקי האט געבראכט פון זיין טור איז באזונדערס דערפרייענד דערמיט, וואס ער דערציילט, אז צווישען די נייע מיטגלידער, וואס די יוניאן האט אריינגענומען און אין זייערע ארגאניזאציעס האבען זיך אנטוויקעלט פעהיגע יוניאן־פירער און אקטיווע יוניאן טוער. דאס איז אייגענטליך אויך דער בעסטער סימן, אז די נייע־געשאפענע ארגאניזאציעס פון דער אינטערנעשאנעל אין די פארשידענע טיילען פון דעם לאנד אנטוויקלען זיך נארמאל און האבען א געזיכערטע עקזיסטענץ.

פרעזידענט דובינסקי דערציילט וועגען א קאנפערענץ פון פארטרעטער פון אלע לאקאלס אין דער סאוטה־וועסט טעריטאריע, וואס געפינט זיך אונטער דער קאנטראל פון דעם אינטערנעשאנעל פארטרעטער מאיר פערלשטיין. עס זיינען געווען 150 פארטרעטער פון די פארשידענע לאקאלס אין די זעקס שטאטען, מיזורי, מינעסאטא, טעקסעס, נארטהערן אילינאי, טענעסי און מיסיסיפי. און אט פון דער קאנפערענץ האט ער געקראגען א בילד, וואס איז אין דער קורצער צייט פון עטליכע יאר דארטען אויפגעטאן געווארען. ער דערציילט:

„אין א געגענט, וואו מען האט פריהער ניט געוואוסט פון א יוניאן; אין פלעצער, וואו מיר האבען קיין מאל ניט געוואוסט אז פרויען־קליידער שעפער געפינען זיך דארט, זיינען אין די פאר יאר ארגאניזירט געווארען 50 לאקאל יוניאנס מיט איבער צען טויזענד מיטגלידער. עס איז געווען א פרייד צו הערען די באריכטען פון די דעלעגאטען וועגען דעם וואוקס און פראגרעס פון דער יוניאן אין די פארשידענע צענטערס. זיי האבען אנגעוויזען, אז די ארבייטער, וועלכע האבען נאך ניט לאנג צוריק געארבייט לאנגע שטונדען פאר די קלעגליכסטע שכירות, ארבייטען שוין איצט קירצערע שטונדען און פארדינען 20—30 דאלער א וואך און מער. זיי האבען אנגעוויזען אויף דער ענדערונג אין דער באציהונג צו דער יוניאן מצד דער געזעלשאפטליכער מיינונג און די ארבייטס־געבער, זייער דרך־ארץ און אכטונג צו דער יוניאן און איהרע פארטרעטער. דאס אינטערעסאנטסטע אבער איז געווען די ענדערונג אין די ארבייטער אליין. פילע פון די דעלעגאטען, וועלכע זיינען געווען פארטראטען ביי דער קאנפערענץ, זיינען נאך ערשט ניט לאנג צוריק אליין געווען געגנער פון דער יוניאן. זיי האבען מורא געהאט, אז איבער דער יוניאן וועלען זיי פארלירען די דזשאבס אין די שעפער. אט די מורא איז אין גאנצען פארשוואונדען. זיי פיהלען זיך איצט ווי פרייע מענשען וואס ווייסען זייער רעכט. עס איז ענטשטאנען א נייע קאדרע פיהרער און טוער אין אונזער יוניאן באוועגונג. זיי זיינען פון א גאנץ אנדער שניט. פרויען וועמען דער יוניאן־געדאנק איז געווען אין גאנצען פרעמד, זיינען איצט מענעדזשערס פון לאקאלס און ארגאנייזערס, פארשטייער פון אונזער ארגאניזאציע אין די געגענדען און פארטרעטען די יוניאן מיט שטאלץ און ווירדע ניט ערגער ווי די וועטעראנען וועלכע האבען דורכגעמאכט אונזערע קאמפען און זיינען אנגעזאפט מיט אונזערע טראדיציעס".

דאס איז דער בעסטער גרוס, וואס פרעזידענט דובינסקי האט געקענט ברענגען פון זיין טור.

⁂

## דער סטרייק פון די ווייסטמאכער מיט 30 יאר צוריק.

דעם 22טען נאוועמבער ווערט דרייסיג יאר ווען עס האט אויסגעבראכען דער בארימטער ווייסטמאכער סטרייק, פון וועלכען עס האט זיך אנגעפאנגען א נייער קאפיטעל ניט בלויז אין דער געשיכטע פון דער אינטערנעשאנעל, נאר אין דער גאנצער טרייד יוניאן באוועגונג. דער סטרייק פון די ווייסטמאכער האט אויך געהאט א דירעקטע ווירקונג אויף דער ארגאניזירונג פון דעם גרויסען קלאוקמאכער סטרייק, וואס האט אויסגעבראכען אין קנאפע דריי פערטעל יאר שפעטער (דעם 7טען יולי, 1910).

דער סטרייק פון די ווייסטמאכער האט געצויגען אויף זיך א באזונדערס גרויסע אויפמערקזאמקייט פון דער עפענטליכער מיינונג. אין דער אמעריקאנער פרעסע איז דער סטרייק אויפגענומען געווארען ווי א גרויסע סענסאציע. דאס איז געווען דער גרעסטער סטרייק פון פרויען־ארבייטערינס אין דער געשיכטע פון אמעריקע. מען איז דא געוואוינט צו סטרייקס פון מענער ארבייטער, סטרייקס, אין וועלכע עס האבען זיך באטייליגט צענדליגער טויזענדער, אבער אזא גרויסען סטרייק פון פרויען־ארבייטערינס האט מען דא קיין מאל ניט געזען.

אין דער ווירקליכקייט האבען זיך אין דעם סטרייק אויך באטייליגט א גאנץ באדייטענדע צאל מענער־ארבייטער. לויט דער סטאטיסטיק פון לייבאר דעפארטמענט פון ניו יארק סטייט האבען זיך אין דעם סטרייק באטייליגט 15 טויזענד מענשען, פון זיי 11 טויזענד פרויען און 4 טויזענד מענער. די ציפער פון דער יוניאן איז געווען פיל גרעסער — ארום 20 טויזענד, אבער אין די צייטונגען און אין דער עפענטליכקייט אין אלגעמיין האט מען גערעדט בלויז וועגען דעם סטרייק פון די מיידלעך. די מייסטע סטרייקערינס זיינען געווען גאנץ יונגע. אין דער איצטיגער צייט וואלטען א סך פון זיי נאך געדארפט גיין אין סקול און וואלטען ניט געטארט ארבייטען אין שאפ. לויט דער סטאטיסטיק זיינען ארום 75 פראצענט פון די סטרייקער געווען אין דעם עלטער פון 16 ביז 25 יאר. אין דעם סטרייק האבען זיך פאראינטערעסירט א באדייטענדע צאל פרויען פון דער ניו־יארקער הויכער געזעלשאפט און מערערע פון זיי זיינען געווען גאנץ אקטיוו אין אים און דאס האט דעם סטרייק נאך מער פראמינענט געמאכט. אבער מער פאר אלץ איז טאקע געווען דער סטרייק גופא, וואס איז געפירט געווארען מיט א וואונדערליכער קאמפסלוסטיגקייט און העלדישקייט. עס איז געווען פיל מער ווי א סטרייק, עס איז געווען אן אויפשטאנד. מען האט טאקע דעם סטרייק אפט גערופען „דער אויפשטאנד פון די צוואנציג טויזענד".

און עס איז ווערט צו דערמאנען היינט וואס עס זיינען געווען די ארבייטס־באדינגונגען אין יענער צייט, עס הייסט מיט 30 יאר צוריק, אין די שוירט־ווייסט שעפער. זיי זיינען אין אלגעמיין דעמאלט געווען כאראקטעריסטיש פאר דער גאנצער פרויען־קליידער אינדוסטריע. די ארבייטס־שטונדען זיינען אפילו אין די בעסערע שעפער געווען פון 8 אין דער פריה ביז 6 אין אווענד. דערפון א האלבע שטונדע פאר לאנטש. אפילו שבת פלעגט מען דארפען ארבייטען פון 8 ביז 5. עס הייסט אן ארבייטס־וואך פון 56 שטונדען. און עס פארשטייט זיך, אז דערביי האט מען געמוזט ארבייטען איבער־שטונדען ווען דער באלעבאס האט געפאדערט און וויפיל ער האט געפאדערט. אין די מייסטע שעפער איז געווען איינגעפירט די סיסטעם פון „אינסייד קאנטראקטינג", וואס האט די עקספלואטאציע נאך גרעסער געמאכט. די „אינסייד קאנטראקטארס" זיינען געווען מענער און אין די גרעסערע שעפער פלעגט יעדער פון זיי האבען ביז אכט ארבייטער־מיידלאך אזוי גערופענע „העלפערקעס", וואס פלעגען קריגען פון 3 ביז 6 דאלער א וואך. מיידלעך אפערייטארקעס וואס האבען שוין גוט געקענט די ארבייט פלעגען פארדינען פון 7 ביז 12 דאלער א וואך. די „העלפערקעס", וואס האבען געארבייט ביי די „אינסייד קאנטראקטארס", פלעגען דארפען צאלען פאר מאשין נאדלען, עלעקטרישע קראפט און פאר פארשידענע אנדערע זאכען, ווי פאר דעם שטול ביי דער מאשין און פאר דעם „לאקער", וואו זיי האבען אויפגעהאנגען זייער הוט אדער מאנטעל. דערצו פלעגט מען דארפען צאלען שטראף פאר פארשפעטיגען 5 מינוט צו קומען אין דער פריה צו דער ארבייט. און ווען עס פלעגט טרעפען, אז א מיידעל האט קאליע געמאכט א שטיקעל שטאף האט עס אין גאנצען געמאכט א תל פון אירע וויידזשעס. מען פלעגט איר רעכענען פאר'ן שטיקעל שטאף דריי

אָדער פיר מאָל אַזוי פיל, ווי עס האָט געקאָסט. מען פלעגט זיי אויך רעכענען פאר מאַשין נאָדלען און פאר עלעקטרישער קראַפט א סך מער ווי עס האָט געקאָסט. מען פלעגט זיי אויך באַגאַנווענען אין דער ארבייטס־צייט דורך איבעררוקען די ווייזערס פון זייגער. מען פלעגט עס טאָן אַלע טאָג צו גאַנווענען פון זייער האַלבע שטונדע לאַנטש צייט און מען פלעגט עס טאָן, ווען זיי פלעגען האַלטען ביים פארענדיגען דעם ארבייטס־טאָג. אין דער צייט פון לאַנטש פלעגט מען רוקען די ווייזערס פון זייגער פארויס און ביים פאַרענדיגען דעם ארבייטס־טאָג פלעגט מען רוקען די ווייזערס אויף צוריק.

ווי האָבען מענשען געקענט זיין אזוי געמיין, אזוי נידערטרעכטיג? — דער ענטפער איז, אז עס איז ניטאָ אַזאַ געמיינהייט און אַזאַ נידערטרעכטיגקייט, וואָס באַלעבאָטים זיינען ניט באַגאַנגען אין דער עקספּלואַטאַציע פון זייערע ארבייטער. און ווען קאַפּיטאל זאָל זיין היינט אַזוי פויגעל־פריי צו עקספּלואַטירען ארבייט, ווי א מאָל, וועט ער עס אויך היינט טאָן.

דער סטרייק פון די ווייסטמאַכער, אין וועלכען די סטרייקערס האָבען ארויסגעוויזען אזוי פיל קאַמפּסלוסטיגקייט, העלדישקייט און אָפּפערוויליגקייט, איז דאָך ניט געקרוינט געוואָרען מיט אַ פולשטענדיגען ערפאָלג. די סטרייקערס האָבען געהאַט געגען זיך אַ צו גרויסע מאַכט. עס איז געווען דער פאַראיין פון די באַלעבאַטים, וואָס זיינען פעט און רייך געוואָרען פון דער אונברהמנות'דיגער עקספּלואַטאַציע פון די אונאָרגאַניזירטע און שוצלאָזע מיידלעך אין זייערע שעפּער. די רייכע באַלעבאַטים האָבען געקעמפט געגען די סטרייקער ניט בלויז מיט דער הילף פון געדונגענע גאַרילאַס, נאָר זיי האָבען אויף זייער זייט אויך געהאַט די הילף פון דער פּאָליציי. דער סטרייק האָט זיך פאַרענדיגט מיט אַ קאָמפּראָמיס. די באַלעבאַטים האָבען נאָכגעגעבען מערערע פאָדערונגען פון די סטרייקערס, אָבער זיי האָבען ניט נאָכגעגעבען די פאָדערונג פון אַנערקענען די יוניאָן. נאָר דער גרעסטער געווינס פון די ווייסטמאַכער איז געווען, וואָס דער סטרייק האָט זיי געגעבען א יוניאָן.

איידער דער סטרייק האָט זיך אָנגעפאַנגען האָבען די ווייסטמאַכער געהאַט אַ יוניאַן בלויז אין נאָמען. לאָקאַל 25, די יוניאָן פון די ווייסטמאַכער, האָט געהאַט בלויז ארום הונדערט מיטגלידער און 4 דאָלער אין איר קאַסע, ווען מען האָט אָנגעפאַנגען רעדען וועגען א גענעראַל סטרייק אין דער שוירט־ווייסט אינדוסטריע. אָבער אין אַ קנאַפּען יאָר נאָך דעם סטרייק האָט לאָקאַל 25 געהאַט 10 טויזענד מיטגלידער און זייער צאָל האָט געהאַלטען אין וואַקסען. און עס האָט ניט אויסגעמאַכט, וואָס דער סטרייק, וועלכער האָט אָנגעהאַלטען נאָהנט צו דריי חדשים (ער איז ערקלערט געוואָרען אָפיציעל פאַרענדיגט דעם 15טען פעברואַר), האָט ניט געוואונען פאַר די ווייסטמאַכער די אַנערקענונג פון זייער יוניאָן. דער עיקר איז געווען, וואָס די ווייסטמאַכער האָבען דורך דעם סטרייק געשאַפען אַ גרויסע פאַראייניגטע מאַכט און האָבען אויפגעבויט אַ יוניאָן. די באַלעבאַטים האָבען שפּעטער אָט די מאַכט געמוזט אַנערקענען סאַי ווי סאַי, ווען עס איז אַפילו ניט געווען פאַרשריבען אין אָפּמאַך.

די ווייסטמאַכער יוניאָן האָט פאַרשריבען איינעם פון די שענסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון דער אינטערנעשאַנעל. אָבער מיט איניגע יאָר שפּעטער, נאָך א גלאָררייכער עקזיסטענץ, האָט די ווייסטמאַכער יוניאָן, צוליב די ענדערונגען אין דער מאָדע פון פרויען־קליידער, אָנגעפאַנגען ווערען קלענער און שוואַכער. אַנשטאָט ווייסט און סקוירטס, האָט מען אָנגעפאַנגען טראָגען גאַנצע דרעסעס. דערפון האָט געליטען אויך די סקוירט מאַכער יוניאָן, וואָס איז געווען איינער פון די גרעסטע לאָקאַלס אין דער אינטערנעשאַנעל.

א סך ענדערונגען זיינען פאָרגעקומען אין דער אינטערנעשאַנעל פון יענער צייט אָן. די איטערנעשאַנעל היינט איז איינע פון די גרעסטע יוניאָנס אין אַמעריקע, און זי איז ניט מער ווי אַ מאָל א יוניאָן פון אידישע אימיגראַנטען, אָבער דער גייסט, וואָס האָט געהערשט ביי די אידישע אימיגראַנטישע מיידלעך אין דעם סטרייק פון די ווייסטמאַכער מיט דרייסיג יאָר צוריק לעבט נאָך היינט אין דער אינטערנעשאַנעל. און אָט דער גייסט האָט געגעבען דער אינטערנעשאַנעל דעם כח בייצוקומען אַלע שטרויכלונגען אין איר וועג, צו קעמפען, צו זיגען און צו וואַקסען.

## דער דרייסיג יעריגער יובילי פון לאָקאַל 64 באָטאָנהאָל מאַכער יוניאָן.

די קלאוק באָטאָנהאָל־מאַכער יוניאָן, לאָקאַל 64 פון דער אינטערנעשאַנעל, וואָס איז די טעג אַלט געוואָרען 30 יאָר, האָט געהאַט אַלע אורזאַכען צו פייערען איר יובילי.

די קליינע באָטאָנהאָלמאַכער יוניאָן האָט פאַר די דרייסיג יאָר פון איר עקזיסטענץ א סך דורכגעמאַכט. זי האָט אַנטייל גענומען אין אַלע מלחמות, וואָס די קלאוקמאַכער יוניאָן, פון וועלכער זי איז אַ טייל, האָט אין פאַרשידענע צייטען געפירט מיט די באַלעבאַטים, און זי האָט אויך געהאַט אירע אייגענע קאַמפען.

די באָטאָנהאָלמאַכער יוניאָן איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין יאָר 1909, ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער גרויסער אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין צווישען די קלאוקמאַכער צו רופען אַ גענעראַל סטרייק אין דער קלאוק אינדוסטריע און ווען דער סטרייק האָט אויסגעבראָכען זיינען אויך די באָטאָנהאָלמאַכער געווען צווישען די סטרייקערס.

די באָטאָנהאָלמאַכער האָבען נאָכדעם געדאַרפט פירען א שווערען קאַמף אָפּצושאַפען דעם קאָנטראַקטינג סיסטעם, פון וועלכען זיי האָבען זייער שטאַרק געליטען. אין דעם דאָזיגען קאַמף איז דער מענעדזשער פון דער יוניאַן, אב. שטיינבערג, געפאַלען א קרבן דורך אַ גענג פון די באָסעס. אָבער די קאָנטראַקטינג סיסטעם איז דאָך אָפּגעשאַפט געוואָרען און די לאַגע פון די באָטאָנהאָלמאַכער איז באַדייטענד פאַרבעסערט געוואָרען. אָבער די גוטע צייט האָט אָנגעהאַלטען בלויז עטליכע יאָר. עס איז געקומען אַ נייע מאָדע אין קלאָוקס און זי האָט צוגענומען דאָס ברויט פון די באָטאָנהאָלמאַכער. עס איז געווען די מאָדע פון „געפּאַיפּטע באָטאָנהאָלס" און מען האָט פאַר זיי קיין באָטאָנהאָלס גאָר ניט נויטיג געהאַט. עס איז בלויז א דאַנק אַ קליינער צאָל איינגע'עקשנטע באָטאָנהאָלמאַכער, וואָס דער לאָקאַל איז געבליבען עקזיסטירען און האָט שפּעטער דערלעבט בעסערע צייטען.

מיר באַגריסען די באָטאָנהאָלמאַכער יוניאָן צו איר דרייסיג יאָריגען יובילי און ווינשען איר ווייטערדיגען ערפאָלג.

## קומט שטימען פאַר די קאַנדידאַטען פון דער לעיבאָר פּאַרטי.

עס איז די פליכט פון אַלע שטימבאַרעכטיגטע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאַנעל אין ניו יאָרק צו געהן דינסטאָג, דעם 7טען נאָוועמבער, אָפּגעבען זייער שטים אין די שטאָדטישע וואַהלען. און ווען זיי וועלען די דאָזיגע פליכט ערפילען, זיינען מיר זיכער, אַז זיי וועלען שטימען פאַר די קאַנדידאַטען פון דער לייבאָר פּאַרטי, ווייל זיי זיינען די איינציגע קאַנדידאַטען, פאַר וועלכע אַרבייטער דאַרפען שטימען.

מען דאַרף האָבען אין זינען, אַז דאָס מאָל וועלען די קאַנדידאַטען פון דער לייבאָר פּאַרטי האָבען אַ פיל שווערערען קאַמף ווי אין די פריערע וואַהלען און עס דאַרפען דעריבער געמאַכט ווערען גרעסערע אָנשטרענגונגען זיי צו ערוועהלען. און אויב אין אַלע וואַהלען איז יעדע אָפּגעגעבענע שטים וויכטיג, איז זי אין די איצטיגע וואַהלען, ווען דער קאַמף איז אַזאַ שווערער, נאָך וויכטיגער. און דעריבער אָפּעלירען מיר גאַנץ באַזונדערס, אַז אַלע פון אונזערע מיטגלידער, וואָס האָבען שטימרעכט, זאָלען ערפילען זייער פליכט און קומען דינסטאָג שטימען פאַר די קאַנדידאַטען פון דער לייבאָר פּאַרטי. און ניט בלויז זיי אַליין, נאָר אויך זעהן, אַז די מיטגלידער פון זייערע פאַמיליעס, וועלכע זיינען באַרעכטיגט צו שטימען, זאָלען קומען אָפּגעבען זייערע שטימען פאַר די קאַנדידאַטען פון דער לייבאָר פּאַרטי. און ווען אַלע וועלען דינסטאָג טאָן זייער פליכט וועט דער זיג פון דער לייבאָר פּאַרטי זיין א געזיכערטער.

## די אָרימע מילב

פון א. לוצקי.

אַ מילבעלע אָרים
דאָס פּנים'ל — ווײ.
איר גאַנץ לייב און לעבען —
אַ שטומער געשריי.

זי זוכט אָרום דאָרטען,
זי זוכט אָרום דאָ.
אַ ברויזעלע עסען —
פאַר איר איז נישטאָ.

אָט נעמט זיך איר דאַכטען —
אָט דאָרטען איז ברויט.
זי קומט דערצו נאָענט —
אַ דויבעלע קויט.

געפינט שוין דאָס מילבל
אַן אוצרס וואו —
יאָגט אונטער אַ צווייטע
און כאַפּט עס גלייך צו.

דאָס מילביגע לעבען —
כאַפּ־לאַפּ און געיעג.
זי פילט זיך באַליידיגט
צו פירען געשלעג.

פאַרטראַכט זיך דאָס מילבל
נו, וואָס זאָל זי טאָן.
אַ בעטלערין ווערען
און לעבען דערפון.

די מילבעלעך זאַמלען
אין רויבערשען יאָך.
נאָר ווער זאָל איר געבען —
אַז יעדע וויל נאָך.

די אָרימע בעטעלט:
אַ פּיצעלע באָב.
באַקומט זי אַן ענטפער:
גיי שלאָג זיך און האָב.

אַ צווייטע באַדויערט,
און זיפצט נעבאָך שווער:
וואָס האָב איך פון האָבען —
אַז יענע האָט מער.

אַ דריטע זוכט יושר
מיט כבוד און אַכט:
ווי קאָן איך דיר העלפען —
דו זעסט דאָך — איך טראַכט.

אַ פערטע האָט טענה'ס
באַשמעקענדיג קעז:
ווי קאָן איך דיר העלפען —
דו קומסט ווען איך עס.

זי ווייגט נאָך פאַר איינער:
אַ טרונק אינדערגיך.
זאָגט יענע געלאַסען:
מען לעבט היינט פאַר זיך.

דערזעט שוין דאָס מילבעל
וואָס איר איז באַשערט.
זי לאָזט זיך אויף הפקר
און פאַלט צו דער ערד.

פאַרזאַמלען זיך אַלע
צונויף אָרום איר.
די מילבעלעך שלעכטע.
די זעלבע פון פריער.

זיי שטייען פאַראומערט
און קוקען זיך איין.
זיי שאָקלען די קעפּלעך:
די וועלט איז נישט פיין.

אַ מילבעלע וואונדערט
מיט האַרבען פאַרדראָס:
ווי האָט מען אַ מילבעל
אַזוי ווייט פאַרלאָזט!

די צווייטע איז מודה:
די לאַגע — אַ גרויל.
מען רייסט דאָ דעם ביסען
אַרויס פון'ם מויל.

די דריטע פאַרזיכערט —
זי שלאָפט ניט קיין נעכט.
זי קען נישט באַגרייפען —
ווי קאָן מען זיין שלעכט.

די פערטע פרעגט איבער
וואָס דאָ איז געשען,
און דעקט צו די אויגען —
זי קען עס ניט זען.

צעשרייט זיך נאָך איינע:
וואָס קלאָגט איר אויף איר?
איר האָט פאַרהונגערט
דאָס מילבעלע פריער!

דאָס מילבעלע נעבער —
זי ליגט אינדערמיט,
דערקוויקען איר הערצל —
דערוויילענקע ניט.

וואָס העלפען געשרייען,
און רייד וואָס מען רעדט.
אַ רגע'לע שפּעטער —
וועט זיין שוין צו שפּעט.

אַ מילבעל אַן אויסנאָם
איז אָבער פאַראַן.
אַזוי ווי אַ בשורה —
מען ווייסט נישט פון וואַנ'ן.

אַ מילב אָן פאַרמעגען —
אין גוטינקען מוט.
אָן ריידעס, אָן עדות —
זי טוט וואָס ס'איז גוט.

אַ מילב קומט צולויפען
מיט וואַסער און ברויט.
נאָר וואָס איז די פעולה —
די מילב איז שוין טויט.

# פון צייט צו צייט

פון צביון



י באַריכטען, וואָס קומען אַריין פון פאַרשידענע אינדוסטריען און געשעפטס־אונטערנעמונגען זיינען גאַנץ פריילעכע. די פּראָדוקציע פון שטאָל איז איצט שוין אַזוי גרויס ווי גאָר אין די אַמאָליגע גוטע צייטען; אין דער אויטאָמאָביל־אינדוסטריע איז עס שטאַרק ביזי און אַפילו פון די קראַנקע אייזענבאַנען, וואָס מען האָט יעדען טאָג געוואַרט אויף זייער באַנקראָט, קריגט מען אויך פריילעכע גרוסען. עס זיינען אין באַוועגונג אַ סך מער פראַכט־וואַגאָנען און די הכנסה פון די אייזענבאַנען זיינען גאַנץ שטאַרק געשטיגען. דאָס איז דער בעסטער סימן, אַז אינדוסטריע און האַנדעל איז לעבעדיגער געוואָרען.

נאָר צווישען אַלע פריילעכע גרוסען שרייט אַרויס אַיין טרויעריגער גרוס: נישטאָ קיין אַרבייט ביי קלאָוקס! אייגענטליך האָט על פּי שכל יאָ געדאַרפט זיין אַרבייט ביי קלאָוקס און ביי דרעסעס. אַ גרעסערע צאָל מענטשען ווערען איצט באַשעפטיגט אין די פאַרשידענע אינדוסטריעס און געשעפטס־אונטערנעמונגען, מער מענטשען פאַרדינען איצט בעסער ווי פריהער און זיי קענען מער קויפען. און קלאָוקס און דרעסעס זיינען דאָך פון די ערשטע נויטבאַדערפטיגע אַרטיקלען, ווען מען האָט מיט וואָס צו קויפען. דער שכל איז דעריבער דאָכט זיך מחייב, אַז עס זאָל זיין ביזי ביי קלאָוקס און דרעסעס. איז אָבער די מעשה, אַז ווען עס קומט צו קלאָוקס ווערט דער שכל מעכולע. ער געהט ניט אויפ'ן גראַדען וועג, ער געהט אַפּט פּונקט קאַפּויר.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז עס זיינען פאַראַן ערקלערונגען פאַר וואָס גראַד ביי קלאָוקס און דרעסעס איז ניטאָ קיין אַרבייט. מען קען אויף אַלץ געפינען אַ תירוץ. די צרה איז אָבער, וואָס מען קען קיין תירוצים ניט עסען. ווען מען וואָלט געקענט זאַט ווערען מיט תירוצים, וואָלט איך זיך באַמיהט צו געפינען תירוצים פאַר וואָס די קלאָוקמאַכער און די דרעסמאַכער האָבען קיין אַרבייט ניט, ווען אין אַנדערע אינדוסטריעס איז איצט יאָ פאַראַן אַרבייט. אָבער איך ווייס, אַז די תירוצים וועלען ניט לייכטער מאַכען די קלאָוקמאַכער און די דרעסמאַכער, וואָס געהען אַרום אָהן אַרבייט. עס וועט אַפילו ניט לייכטער מאַכען זייער געמיט. איך זעה, אַז עס האָבען אַפילו ניט געהאָלפען מיינע גוטע וואונשען, וואָס איך האָב זיי געגעבען צום אידישען נייעם יאָר.

נאָר עס איז פאַראַן איין זאַך, וואָס מען טאָר ניט אויפגעבען, און דאָס איז האָפנונג. אויב די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד האָט זיך ווירקליך פאַרבעסערט — און אַזוי זעהט עס אויס — וועלען עס אויך ענדליך דערפילען די קלאָוקמאַכער און די דרעסמאַכער.

⁂

דער געזעץ וועגען אַ מינימום אַרבייטס־לוין און אַ מאַקסימום אַרבייטס־וואָך איז סוף פאַריגען חודש אַריין אין זיין צווייטער פּעריאָדע. פון דעם 24טען אָקטאָבער אָן איז דער מינימום אַרבייטס־לוין 30 סענט אַ שטונדע און די מאַקסימום אַרבייטס־וואָך איז 42 שטונדען. אין דער ערשטער פּעריאָדע פון געזעץ איז דער מינימום אַרבייטס־לוין געווען 25 סענט אַ שטונדע און די מאַקסימום אַרבייטס־וואָך — 44 שטונדען. אין דער דריטער פּעריאָדע פון געזעץ, וואָס וועט זיך אָנפאַנגען דעם 24טען אָקטאָבער 1940 וועט דער מינימום אַרבייטס־לוין זיין 40 סענט אַ שטונדע און די מאַקסימום אַרבייטס־וואָך וועט זיין 40 שטונדען. און נאָכדעם? — נאָכדעם וועלען די אַרבייטער דאַרפען קעמפען פאַר אַ נייעם געזעץ, וואָס זאָל הייסען צאָלען אַ העכערען אַרבייטס־לוין און איינפירען אַ קירצערע אַרבייטס־וואָך.

נאָר לאָמיר פּרובירען באַרעכענען וויפיל אַן אַרבייטער קען פאַרדינען שוין. מיט דער העכערונג, וואָס ער האָט איצט געקראָגען. דער חשבון איז אַ גאַנץ לייכטער. מען כפל'ט 42 מאָל 30 און מען באַקומט 1260. עס מיינט 12 דאָלאַר מיט 60 סענט. דאָס איז דאָכט זיך ניט קיין איבעריגס גרויסע שכירות. נאָר אין פאַרגלייך מיט פאַריאָרען איז עס אַ באַדייטענדע פאַרבעסערונג. פאַריאָרען, אין דער ערשטער פּעריאָדע פון געזעץ, איז דער מינימום אַרבייטסלוין געווען 25 סענט, אַ שטונדע און די מאַקסימום אַרבייטס־וואָך איז געווען 44 שטונדען. דער פאַרדינסט פון אַן אַרבייטער איז, הייסט עס, געווען 11 דאָלאַר אַ וואָך פאַר 44 שטונדען, בעת איצט קריגט ער 12 דאָלאַר מיט 60 סענט פאַר אַן אַרבייטס־וואָך פון 42 שטונדען. אָבער טאַקע דאָס גופא אונטערשטרייכט ווי מיזעראַבעל עס זיינען די פאַרדינסטען פון מיליאָנען אַמעריקאַנער אַרבייטער.

עס ווערט אָנגעגעבען, אַז פון דער איצטיגער העכערונג אין אַרבייטס־לוין וועלען געווינען 690 טויזענד אַרבייטער און פון דער פאַרקירצונג פון דער אַרבייטס־וואָך וועלען געניסען 2 מיליאָן מיט 382 טויזענד און 5 הונדערט אַרבייטער. עס הייסט, אַז ביז איצט זיינען געווען 690 טויזענד אַרבייטער אין אַמעריקע, וואָס האָבען פאַרדינט בלויז 25 סענט אַ שטונדע און עס זיינען געווען נאָהענט צו 2 מיליאָן מיט 400 טויזענד אַרבייטער, וואָס זייער אַרבייטס־וואָך איז געווען מער ווי 42 שטונדען.

ווען אַן אַרבייטער האָט פאַריגען יאָר געקראָגען 25 סענט אַ שטונדע און האָט געאַרבייט 44 שטונדען אַ וואָך איז זיין פאַרדינסט געווען, ווי שוין פריהער אָנגעגעבען, 11 דאָלאַר אַ וואָך. אויב ער האָט געאַרבייט פולע 52 וואָכען אין יאָר, זיינען די פאַרדינסטען זיינע געווען 572 דאָלאַר פאַר'ן יאָר. מיט דער איצטיגער העכערונג וועט ער פאַרדינען 655 דאָלאַר מיט 20 סענט פאַר'ן יאָר. אויב אַזאַ אַרבייטער האָט אַ פרוי מיט קינדער, זעה איך ניט איין ווי אַזוי ער קען פון אַזעלכע פאַרדינסטען קויפען קלאָוקס און דרעסעס פאַר זיין פאַמיליע, און דאָס איז גערעדט, ווען ער האָט אַרבייט 52 וואָכען אין יאָר. ווער האָט עס אָבער? וויפיל זיינען פאַראַן אַזעלכע אַרבייטער וואָס זיינען באַשעפטיגט פולע 52 וואָכען אין יאָר? עס הייסט, אַז די יערליכע פאַרדינסטען פון די אַרבייטער זיינען נאָך קלענער, ווי מיר האָבען דאָ אויבען באַרעכענט. מען דאַרף דעריבער צו די צען מיליאָן אַרבייטסלאָזע, וואָס קענען זעהר ווייניג קויפען, צורעכענען נאָך אַ סך מיליאָנען אַזעלכע, וואָס אַרבייטען, נאָר קענען אויך זעהר ווייניג קויפען. דאָס דערקלערט אַ סך זאַכען און גיט אַן ענטפער אויף אַ סך קשיות, אָבער די לאַגע ווערט דערפון ניט געענדערט. עס זאָגט אונז בלויז, אַז אַמעריקע האָט נאָך אַ גאַנץ ווייטען וועג צו געהן ביז די צוויי דריטעל פון דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג, וואָס האָט אַזוי ווייניג, זאָל כאָטש קריגען אַן אָנשטענדיגען טייל פון דעם, וואָס איר קומט. און דאָס מיינט, אַז די אַרבייטער דאַרפען כסדר קעמפען פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע. עס איז אַן עקאָנאָמישער קאַמף און אַ פּאָליטישער, וואָס מוז אָנגעפירט ווערען אָהן אַן אויפהער און מיט דער גאַנצער ענערגיע.

⁂

די כאַווירים פון דער סטאַלין־היטלער פאַראייניגונג זיינען ניט צופרידען מיט דעם לעצטען נומער „גערעכטיגקייט".

וועל איך צוגעבען, אַז זיי האָבען גענינגענדע אורזאַכען צו זיין אומצופרידען. ווען מען קריגט שמיץ איז מען נאַטירליך אומצופרידען. אָבער ווען די כאַווירים באַקלאָגען זיך, איז אַן עוולה, ווייל צו זיין אַ סטאַליך־היטלער קאָמוניסט מוז מען האָבען ניט בלויז אַ קופּערנעם שטערען, כדי צו זיין ניט פעהיג צו שעמען זיך, נאָר מען דאַרף אויך האָבען אַ דיקע הויט צו קענען פאַרטראָגען שמיץ.

קיינער צווינגט ניט אימעצען אין אַמעריקע צו זיין אַ סטאַליך־היטלער קאָמוניסט. עס איז ניט סטאַליך־לאַנד און עס איז ניט היטלער־לאַנד. אין אַמעריקע, ווען איינער וויל זיין אַ סטאַליך־היטלער קאָמוניסט איז דאָס אַ געשמאַק־זאַך, ווי סטאַלינ'ס מאָסקווער „איזוועסטיאַ" וואָלט זיך אויסגעדריקט. און אויב אימעצער האָט אַ געשמאַק צו שלינגען זשאַבעס, אָדער צו עסען זייף איז דאָס זיין פּריווילעגיע, אָבער ער דאַרף זיך ניט באַקלאָגען, ווען איינער זאָגט, אַז עס קערט אים צו ברעכען אָנקוקענדיג ווי ער טוט עס.

מיט די ווערטער, ווי סטאַלינ'ס „איזוועסטיאַ" וואָלט זיך אויסגעדריקט האָב איך געמיינט צו זאָגען, אַז איך האַלט טאַקע מיט דער „איזוועסטיאַ", אַז היטלעריזם איז אַ געשמאַק זאַך. איך געדענק, אַז נאָך גאָר ניט אַזוי לאַנג צוריק האָט די „איזוועסטיאַ" געזאָגט גאַנץ אַנדערש וועגען היטלעריזם. זי האָט געזאָגט, אַז דער היטלעריזם איז די געפערליכסטע זאַך אויף דער וועלט און אַז מען דאַרף קעמפען אויף לעבען און טויט דעם היטלעריזם צו פאַרטיליגען. דעמאָלט איז נאָך סטאַלין ניט געווען קיין שותף פון טאַוואַרישטש היטלער, נאָר ער האָט אַגיטירט פאַר אַ פאַראייניגטען פראָנט מיט די דעמאָקראַטישע לענדער געגען היטלער'ן און צו פאַרניכטען דעם היטלעריזם. ווען דער רעדאַקטאָר פון דער „איזוועסטיאַ" וואָלט דעמאָלט אָנגעשריבען, אַז היטלעריזם איז אַ געשמאַק זאַך וואָלט סטאַלין אים געהייסען שיסען אויפ'ן אָרט ווי אַ משוגענעם הונט. און דאָס וואָלט אפשר געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען סטאַלינ'ס אַ שאָס וואָלט געווען אַ גערעכטער. אַ געשמאַק זאַך קענען זיין די קליינע קורצע וואָנצעלעך, וואָס היטלער טראָגט, און קיינער וואָלט זיכער ניט גערופען קיין פּראָטעסט פאַרזאַמלונג אָדער פאָרגעשלאָגען אַ פּראָטעסט רעזאָלוציע, ווען סטאַלין וואָלט זיינע גרויסע לאַנגע וואָנצעס היטלעריזירט. עס איז אָבער אַן אומזין, ריכטיגער אַ פאַרברעכען, צו זאָגען, אַז היטלעריזם איז אַ געשמאַק זאַך. און אויב די קאָמוניסטען אין אַמעריקע און נאָך דערצו אידישע קאָמוניסטען קאָנען אויך שלינגען אָט־די זשאַבע דעמאָלט האָבען זיי קיין רעכט ניט צו באַקלאָגען זיך, ווען מען זאָגט זיי, אַז מען דאַרף אין זייערע דלד אמות ניט שטעהן.

⁂

ווען די קאָמוניסטען וואָלטען געפירט אַ טאָג־בוך און פאַרשריבען די אומגעלומפּערטע ליגענס, וואָס זיי האָבען אַרויסגעזאָגט ביז היינט ריין צו וואַשען דעם סטאַליך־היטלער שרץ וואָלטען זיי אַליין באַוואונדערט זייער אונבאַגרענעצטע חוצפּה.

אין אָנפאַנג זיינען זיי אַליין צעטומעלט געוואָרען פון סטאַלינ'ס שידוך מיט היטלער'ן, אַז זיי האָבען עס אַליין ניט געגלויבט און זיי האָבען ערקלערט, אַז דאָס האָבען די שונאים פון די קאָמוניסטען, די טראָצקיסטען, אויסגעטראַכט אַ בילבול אויף סטאַלינען. ווען זיי האָבען זיך אָבער אויף מאָרגען איבערצייגט, אַז עס איז ניט קיין בילבול פון קאָמוניסטישע שונאים, נאָר אַ ביטערער קאָמוניסטישער פאַקט, אַז סטאַלין האָט באמת געשלאָסען כאַווערשאַפט מיט היטלערן, זיינען אונזערע קאָמוניסטען אַרויסגעקומען מיט אַן ערקלערונג, אַז סטאַלין האָט עס געטאָן כדי צו ראַטעווען דעם פרידען און אָפּצוהאַלטען היטלערן פון אַן אָנגריף אויף פּוילען. ווען היטלער האָט אָבער גלייך ווי זיין אָפּמאַך מיט סטאַלינען איז באַשטעטיגט געוואָרען, אַריינגעשיקט זיין אַרמיי אין פּוילען, זיינען אונזערע קאָמוניסטען אַרויסגעקומען מיט אַן ערקלערונג, אַז עס איז גוט פאַר אידען. עס האָט אויסגעוויזען, אַז אַלץ וואָס סטאַלין טוט האָט ער אין זינען בלויז איין פראַגע: וועט עס זיין גוט פאַר אידען? אונזערע אידישע קאָמוניסטען האָבען זיך ניט געשעמט צו דערצעהלען וועגען ישועות אויף אידען אין היטלערלאַנד. דאָס האָט געמיינט צו זאָגען, אַז סטאַלינ'ס כאַווערשאַפט מיט היטלער'ן האָט געהאַט אַ גוטע ווירקונג אויף די נאַצים. און ווען סטאַלין האָט זיך גענומען טיילען מיט היטלערן דעם רויב פון פּוילען איז דאָך געוויס געווען גוט פאַר אידען. עס איז בלויז געווען שווער צו ערקלערען ווי אַזוי עס איז גוט פאַר אידען, ווען סטאַלין האָט געהאָלפען היטלערן אַוועקשטעלען אונטער דער בלוטיגער ברוטאַלער נאַצי הערשאַפט צוויי מיליאָן אידען פון פּוילען און ברייגגען אויף זיי דאָס גרעסטע אומגליק, וואָס אַ פאָלק האָט ווען עס איז איבערגעלעבט. משמעות, אַז אַפילו די גרעסטע קאָמוניסטישע שוואַרץ־קינסטלער, וואָס קענען נעמען אַ בלוטיגען טיגער און אים פאַרשטעלען פאַר אַ פרידענס־טויב, קענען אויך ניט אַלץ ערקלערען.

נאָר איך האָב אַן אַנדערע פראַגע. אונזערע אידישע קאָמוניסטען האָבען געוואָלט אָפּשווינדלען די אידען און אַוועקשטעלען די גאַנצע סטאַליך־היטלער שותפות אויף דער איינציגער פראַגע: איז עס גוט פאַר אידען? עס הייסט, אַז די גאַנצע וועלט מעג געהן צום טייוועל, אויב עס איז נאָר גוט פאַר אידען. וועל איך ניט האָבען קיין טענה, אַז דאָס איז אַ העכסט רעאַקציאָנערער שאָוויניסטישער שטאַנדפּונקט. פון מענשען, וואָס גיבען זייער ברכה צו אַ סטאַליך־היטלער שותפות קען מען קיין אַנדער שטאַנדפּונקט ניט ערוואַרטען. אויב היטלער זאָגט, אַז די גאַנצע וועלט קען געהן צום טייוועל, אויב עס איז נאָר גוט פאַר זיין דייטשלאַנד און אויב סטאַלין זאָגט, אַז די גאַנצע וועלט קען געהן צום טייוועל, אויב עס איז נאָר גוט פאַר זיין רוסלאַנד, איז עס נאַטירליך, אַז אידישע סטאַליך־היטלער קאָמוניסטען זאָלען זאָגען, אַז די גאַנצע וועלט מעג געהן צום טייוועל, אויב עס איז נאָר גוט פאַר אידען. אָבער אויב דאָס איז שוין יאָ אַזוי, טאָ מוז דאָך ניט יעדער אידישער קאָמוניסט, וואָס פאַר אַ גרויסער שווינדלער ער זאָל ניט זיין, צוגעבען, אַז פאַר אידען איז אַ גרויסער אונטערשייד ווער עס וועט

# די ווירקונג פון דער אייראפעאישער מלחמה אויף דער עקאנאמישער לאגע דא

פון פראפעסאר א. דוביצקי



י פערספעקטיווע פון א נייער וועלט־מלחמה האט זייט א לענגערער צייט דערוועקט גרויסע האפנונגען ביי אלע יעניגע וועלכע האבען געלעכצט נאך פעטע קריגס־פראפיטען. מיט אומגעדולד האט מען דערווארט יענע „גליקליכע" שעה ווען קאנאנען וועלען ווידער אנהויבען דונערען, ווען קערפערס פון צענדליגער מיליאנען יונגע לייט וועלען צוריסען ווערען אין פיצלאך מיט דער הילף פון די נייסטע טעכנישע דערגרייכונגען און ווען אנדערע מיליאנען אלטע לייט, פרויען און קינדער וועלען פארשאטען ווערען אונטער די חורבות פון זייערע אייגענע היימען.

און פארוואס טאקע ניט? האט מען דען פארגעסען די יארען פון בליענדער „פראספעריטי", וואס דער ערשטער וועלט־קריג האט ארויסגערופען? קאן דען א צווייטער וועלט־קריג ניט זיין א גלענצענד מיטעל פטור צו ווערען פון יענע צענדליגע מיליאנען ארבעטסלאזע, וועלכע פאראורזאכען אזוי פיל אינגאנצען אומגעווינשטע אומאנגענעמליכקייטען?

אויב אין דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען אומגעקומען אין גאנצען אן ערך 10 מיליאן מענשען, האבען מיר דאך אבער זינט דעמאלט גוואלדיג פראגרעסירט, אזוי אז פאר 40—50 מיליאן דער'הרג'עטע אין א נייער וועלט־מלחמה קענען די זוכער פון הויכע פראפיטען זיין אינגאנצען רוהיג.

ווי דורך א כישוף איז אין גאנצען פארשוואונדען איבער־נאכט דער אומענדליכער קלאג, וואס האט אין משך פון די לעצטע יארען ארומגעכאפט דאס גאנצע לאנד, — אז „ביזנעס האט ניט קיין צוטרוי". איצט איז קלאר וואס עס איז נויטיג, אום ביזנעס זאל האבען „צוטרוי". די נייע מלחמה האט אויפגעלעבט די האפענונג פאר הויכע פראפיטען. ביזנעס געדענקט גוט, אז צווישען די יארען 1914—1916 האבען די פראפיטען פון 68 באדייטענדע פירמעס זיך פארגרעסערט כמעט אויף פיר מאל אזוי פיל — פון 208 מיליאן דאלאר ביז 803 מיליאן דאלער — א העכערונג אין 386 פראצענט. אין זעקס יאר, צווישען 1915—1920, האט די „יונייטעד סטייטס סטיל קארפארייש׳אן" אויסגעצאלט פראפיטען אין דער סומע פון 895 מיליאן און 606 טויזענד דאלער. דיו פאנט האט אין די יארען 1915—1919 אויסגעצאלט 139 מיליאן דאלאר. ראקעפעלער'ס „סטאנדארד איל" האט אין פיר יאר צווישען 1916—1919 אויסגעצאלט 407 מיליאן און 968 טויזענט דאלאר.

די צאל מיליאנערען האט זיך פארגרעסערט אין דרייען. אין 1914 האבען 7 טויזענט און 500 פערזאנען אנגעגעבען זייער איינקונפט העכער ווי 1 (איין) מיליאן דאלאר א יאר ווערענד אין 1918 האט זייער צאל דערגרייכט די הויך פון 25 טויזענט.

פרעז. רוזוועלט האט, אין זיין ראדיא־רעדע דעם 3טען סעפטעמבער, דערקלערט: איך קען ניט פאראויסזאגען ווי אזוי דער קריג וועט עקאנאמיש ווירקען אויף אונזער לאנד, אבער איך זאג, אז קיין איין אמעריקאנער האט ניט קיין מאראליש רעכט צו פראפיטירען אויפ'ן חשבון פון זיינע מיטבירגער אדער אויפ'ן חשבון פון יענע מענער, פרויען און קינדער, וועלכע לעבען און שטארבען אין די אייראפעאישע מלחמה־לענדער".

אויפ'ן צווייטען טאג נאך דער דאזיגער רעדע איז אין וואל סטריט אנגעגאנגען א ווילדע וואקכאנאליע. דעם פרעזידענט'ס ווארנונג האט מען אפגעווארפען ווי א נארישע סענטימענטאליטעט. „סטאקס", וואס האבען אפילו נאר זייער א ווייטע שייכות צו קריג־באדערפענישען, זיינען אויף אמאל און גיך געשטיגען אין פרייז. עס זיינען אויך געשטיגען פרייזען אויף אלע אנדערע סחורות. דאס איז געווען א דירעקטער רעזולטאט פון דייטשלאנד'ס אריינמארשירען אין פוילען און פון ענגלאנד'ס און פראנקרייכ'ס מאביליזאציע. און דאס איז נאר דער אנהויב. די פראגע איז, וואס וועט זיין דער סוף? ווייל דער גאנצער ספעקולאטיווער פיבער ביז איצט איז דאך ארויסגערופען און באזירט מער אויף דעם, וואס עס האט פאסירט מיט פינף און צוואנציג יאר צוריק, ווי אויף דער פאקטישער לאגע פון היינטיגען טאג. „וואל סטריט" האט די גוט באוואוסטע טבע קיין זאך ניט צו פארגעסען, אבער אויך קיין זאך פון דער פארגאנגענער דערפארונג ניט צו לערנען.

אמת, די אויסגאבען נאר פון ענגלאנד אליין און נאר פאר דעם איינציגען צוועק צו פארגרעסערען איר פלאט באטרעפט א רונדע מיליאן דאלאר יעדען טאג. און דאס איז דאך ניט די איינציגע אויסגאבע אפילו פון ענגלאנד גופא. האבען א קלארען און גענויעם באגריף וועגען די אמת'ע קריגס־אויסגאבען פון אלע מלחמה־לענדער און אויך די אויסגאבען אויף ארמיי־מאביליזאציעס פון אלע כלומרשט און ניט כלומרשט נייטראלע לענדער איז אין גאנצען ניט מעגליך. די דאזיגע אויסגאבען שאפען, פארשטייט זיך, א גוואלדיגען אפזאץ־מארק פאר א קאלאסאלער צאל סחורות. מען טאר אבער ניט ארויסלאזען פון אויג, אז אזא „פראספעריטי", וואס איז באזירט אויף אומפראדוקטיווע אויסגאבען, אנטהאלט אין זיך א גרויסע געפאר פאר דער צוקונפט. אחוץ דעם האט יעדע מלחמה די זעלבע טבע פריער אדער שפעטער זיך צו פארענדיגען. וואס וועט דעמאלט זיין? וואס וועט זיין ווען אלע די גוואלדיגע באשטעלונגען פאר די פארשיידענע קריגס־אינדוסטריען זאלען זיך אפשטעלען געגען דעם ווילען פון אלע זוכער פון הויכע פראפיטען? אט דאס איז א פראגע, וואס אלע ענטוזיאסטען פון וואל סטריט וואלטען זיך באדארפט שטעלען.

איז מעגליך זיך פארצושטעלען יענע אומדערהערטע ווירטשאפטליכע קאטאסטראפע, וואס וועט דעמאלט אומפארמיידליך פארקומען?

דערפאר איז מער ווי בארעכטיגט צו שטעלען די פראגע, ווי אזוי די מלחמה אין אייראפע האט זיך אפגערופען און געווירקט אויף דער עקאנאמישער לאגע פון אונזער לאנד.

⁂

דער גאנצער ספעקולאטיווער פיבער ביז איצט, ווי שוין באמערקט, איז ארויסגערופען און באזירט מער אויף דעם, וואס עס האט פאסירט מיט פינף און צוואנציג יאר צוריק, ווי אויף דער פאקטישער לאגע פון היינטיגען טאג.

קאלאסאלע באשטעלונגען פון א פארנעם, וואס האלען זיין אימשטאנד ארויסצורופען א גרויסען קריגס־„בום" קאן מען, פארשטייט זיך, דערווארטען נאר פון ענגלאנד און פראנקרייך. זיינען אבער גראד די צוויי לענדער איצט פיל בעסער צוגעגרייט צו דער מלחמה ווי אין יאר 1914. ביידע לענדער האבען גוואלדיגע זאפאסען פון א סך וויכטיגע קריגס־מאטעריאלען און זיינען ניט געצוואונגען צו צאלען פאר דעם יענע איבערטריבענע הויכע פרייזען ווי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.

מערקווירדיג — סיי פאליטיש, סיי עקאנאמיש איז די איצטיגע מלחמה אין גרונט גענומען א המשך פון ערשטען וועלט־קריג. דער ערשטער וועלט־קריג איז אין א געוויסען זין געבליבען ניט פארענדיגט. דער ערשטער וועלט־קריג האט ניט געלייזט יענע דרינגענדע פאליטיש־עקאנאמישע פראבלעמען, וועלכע האבען אין עצם די דאזיגע מלחמה ארויסגערופען. גראד פארקערט, די מלחמה האט נאך מער פארשארפט און פארפלאנטערט דעם גאנצען קנויל פון ווידערשפרוכען צווישען לענדער, פעלקער און קלאסען. דער פעריאד פון פארמעלען „פרידען" איז געווען ניט מער ווי אן איבעררייס, א פעריאד פון אן אייגנארטיגען שטילשטאנד צווישען א צאל קעמפענדע צדדים. דער פעריאד פון פארמעלען „פרידען" האט אנגעהאלטען אין זיינע פארבארגענע טיפענישען די קערנער פון אן אנקומענדיגען קאנפליקט. דער דאזיגער פעריאד פון „פרידען" איז געווען א צוגרייטונגס־פעריאד צו דער אנקומענדיגער מלחמה. אלע לענדער האבען אויסגעארבייט אן עקאנאמישע ארגאניזאציע, וואס איז צוגעפאסט פאר קריגס־צוועקען. זיי הויבען איצט אן פון וואנען זיי האבען איבערגעלאזט אין יאר 1918.

א קאנטראל פון געברויך דורך א קארטען־סיסטעם איז איינגעפירט פון סאמע אנהויב. עס ווערען אויך שטרענג קאנטראלירט ארטיגע זאפאסען און פרייזען — און, דער עיקר — דער אימפארט פון אויסלאנד. באזונדערס וויכטיג איז אבער דער פאקט, וואס ווערענד אין 1914 זיינען די זאפאסען פון א צאל וויכטיגע פראדוקטען געווען זייער נישטיג — א סך נידעריגער ווי זייער נארמאלע הויך — זיינען היינט־צו־טאג די דאזיגע זאפאסען זייער גרויס. דורך א פעריאד פון א לאנגער דעפרעסיע און צוליב דער הערשענדער טענדענץ צו עקאנאמישער אומאפהענגיגקייט האבען זיך אין פילע לענדער אנגעקליבען גוואלדיג גרויסע זאפאסען. נעמט, למשל, ווייץ. אין משך פון הונדערטער יארען איז דער פרייז פון ווייץ ניט געווען אזוי נידעריג ווי מיט איניגע וואכען פאר דער מלחמה, צוליב די אנגעקליבענע גרויסע זאפאסען און צוליב דער גרויסער גרעטעניש אין לענדער, וואס שפילען א דאמינירענדע ראל ווי פראדוציר פון ווייץ. מיט דעם אנהויב פון דער מלחמה זיינען פרייזען געשטיגען. עס איז אבער ניט פאראן קיין שום גרונט צו רעכענען, אז די מלחמה זאל שאפען אזא אויסערגעווינליך גרויסען געברויך פון ווייץ אין יענע לענדער, וועלכע זיינען אימשטאנד צו קויפען און אימפארטירען ווייץ פון אויסלאנד, אז די אנגעקליבענע זאפאסען זאלען גיך פארשווינדען. אן ענליכע ענדערונג איז פארגעקומען מיט צוקער. ענגלאנד פראדוצירט איצט פון א פערטעל ביז א דריטעל פון איר צוקער־געברויך, ווערענד אין דער פריערדיגער מלחמה איז זי געווען אינגאנצען אפהענגיג פון אימפארט. דאס זעלבע איז מיט א ריי אנדערע פראדוקטען. אמעריקע פארנעמט ניט מער יענעם דאמינירענדען ארט, ווי מיט פינף און צוואנציג יאר צוריק. זינט דער לעצטער וועלט־מלחמה איז פארגעקומען א גוואלדיגע אנטוויקלונג פון קופער־פראדוקציע אין זיד־אפריקע (ראדעזיא) און קאנאדע. אין באצוג צו איין פראדוקט איז אמעריקע נאך אלץ אין זייער א גינסטיגער לאגע אין פארגליך מיט אנדערע לענדער. אמעריקע פארבלייבט נאך אלץ דער גרעסטער פראדוצירער פון נאפט („איל") אין דער וועלט — און דער געברויך פון נאפט פאר מיליטעריש־

---

געווינען די איצטיגע מלחמה? זאל זיין ווי די סטאלין־היטלער קאמוניסטען זאגען, אז עס איז אן אימפעריאליסטישע מלחמה פון ביידע זייטען, אז פראנקרייך און ענגלאנד פירען מלחמה פאר זייערע אימפעריאליסטישע אינטערעסען, אט ווי היטלער פירט מלחמה פאר זיינע אימפעריאליסטישע אינטערעסען, אבער זיי קענען דאך בשום אופן ניט פארלייקענען דעם פאקט, אז ענגלאנד און פראנקרייך זיינען בעסער פאר אידען ווי היטלער־לאנד. אפילו פוילען, וואו אידען איז געווען שלעכט, איז דאך געווען א גן עדן אין פארגליך מיט דעם היטלער גיהנום. וואס היטלער ווערט שטארקער אלץ מער אומגליק איז עס פאר אידען. און אויב מען פרעגט, אויב עס איז גוט פאר אידען, איז פאראן בלויז איין ענטפער, אז עס איז גוט פאר אידען, אז היטלער זאל ברעכען האלז און נאקען און אז ענגלאנד און פראנקרייך זאלען זיגען אין דער איצטיגער מלחמה.

איז אבער די מעשה, אז ביי אונזערע אידישע קאמוניסטען איז אפילו זייער נייער אידישער שאוויניזם אויך א שווינדעל. ווען היטלער זאגט, אז די גאנצע וועלט מעג געהן צום טייוועל, אויב דאס איז נאר גוט פאר זיין דייטשלאנד און ווען סטאלין זאגט דאס זעלביגע, אויב דאס איז נאר גוט פאר רוסלאנד, מיינען זיי עס ערנסט, ווען אבער אונזערע אידישע סטאלין־היטלער קאמוניסטען פראבירען אוועקשטעלען, אלץ אויף דער פראגע „איז עס גוט פאר אידען", איז דאס ביי זיי ניט מער ווי א שווינדעל אפצונארען אידען. און אט מיט דעם שווינדעל טאר מען די סטאלין־היטלער קאמוניסטען ניט לאזען אוועקגעהן. מען מוז זיי אנטאגלען צום וואנד. און איך גלויב, אז דאס איז א פליכט פון דער „גערעכטיגקייט" עס צו טאן.

די „גערעכטיגקייט" ווערט ארויסגעגעבען פון דער אינטערנעשאנאל פאר אירע אידישע מיטגלידער און זי דארף אויפפאסען, אז מען זאל זיי ניט באשווינדלען. און אויב די סטאלין־היטלער קאמוניסטען ווילען זיי אריינשווינדלען היטלעריזם אונטער דער רעאקציאנערער שאוויניסטישער מאסקע פון „איז עס גוט פאר אידען?" איז עס די פליכט פון דער „גערעכטיגקייט" עס אויפצודעקען.

די „גערעכטיגקייט" שטעהט מיט דער ארגאניזירטער ארבייטער באוועגונג, וואס האט פארדאמט די סטאלין־היטלער שותפות, אלס דעם גרעסטען פארראט געגען די ארבייטער און געגען דער פראגרעסיווער באוועגונג פון דער גאנצער וועלט.

צוועקען איז גוואלדיג געשטיגען. פון דער אנדערער זייט, זיינען אבער אויך די זאפאסען פון נאפט זייער גרויס, מיט כמעט אומבאגרעניצטע מעגליכקייטען צו העכערען די פראדוקציע.

ענגלאנד האט ביי היינטיגען טאג פאקטיש אלע מעטאלען, אין וועלכע זי נויטיגט זיך פאר קריגס־באדערפענישען. די גוואלדיגע קופער־מיינס אין קאנאדע און אפריקע, וועלכע מיר האבען שוין פריער אנגעוויזען, זיינען פעאיג צו באפרידיגען דעם גרעסטען טייל פון איר נאכפרעג. דאס זעלבע איז שייך, כאטש אין א קלענערער מאס, אויך צו בליי און צינק. ענגלאנד וועט אויך זיין ווייניג אפהענגיג פון די פאראייניגטע שטאטען אין כעמישע מאטעריאלען און אין אנדערע אינדוסטריעלע פראדוקטען. די בריטישע קאלאניעס און דאמיניאנס האבען אנטוויקעלט זייערע אייגענע אינדוסטריען און וועלען צושטעלען א סך נויטיגע פראדוקטען צו ענגלאנד און אירע פארבינדעטע.

באזונדערס גרויס איז געווען דייטשלאנד'ס צוגרייטונג צו דער מלחמה. אין משך פון א לאנגער צייט האט זיך דייטשלאנד געגרייט פאר דער מלחמה און אנטוויקעלט א ריי ערזאץ־מאטעריאלען, וועלכע זי קען פראדוצירען פון אייגענע פראדוקטען. דאס מאכט דייטשלאנד פיל ווייניגער אפהענגיג פון אימפארט ווי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. די דאזיגע ערזאץ־פראדוקטען זיינען טייער און שלעכט. די דייטשע באפעלקערונג האט אבער ניט קיין ברירה. דאס הייסט ניט, אז דייטשלאנד קען אנפירען א לאנגע מלחמה. דאס הייסט אבער, אז דייטשלאנד איז איצט בעסער צוגעגרייט ווי אין 1914 זיך צו באגיין אונטער מלחמה־באדינגונגען אן אימפארט פון די פאראייניגטע שטאטען.

די היינטיגע מלחמה איז געווארען צוגעגרייט אין משך פון א לאנגער צייט. די מלחמה איז ניט אויסגעבראכען אומדערווארטעט. כמעט יעטווידער אייראפעאיש לאנד האט אויסגעבויט איר אייגענע קריגס־אינדוסטריע. יעטווידער וויכטיג אייראפעאיש לאנד האט איבערגעבויט איר גאנצע אינדוסטריעלע סיסטעם אויף אזא אופן, אז זי זאל שנעל קענען פארוואנדעלט ווערען צו באפרידיגען אלע מלחמה־באדערפענישען. צו גלייכער צייט זיינען אנגעקליבען געווארען גוואלדיגע זאפאסען פון שפייז, מעטאלען, קוילען, איל און גומי. די ארמייען פון אלע לענדער זיינען געווען אין א קריגס־צושטאנד נאך אידער די מלחמה האט זיך אנגעהויבען — באזארגט אפריער מיט אלצם נויטיגען. אין דער פאריגער מלחמה האט די מאביליזאציע און די פולשטענדיגע אויסשטאטונג פון די ארמייען געפאדערט גוואלדיגע באשטעלונגען אין די פאראייניגטע שטאטען. די פאראייניגטע שטאטען האבען אין פאריגען קריג געהאט א גרויסען אפזאץ־מארק פאר זייערע סחורות אין יענע נייטראלע לענדער, וועלכע האבען פריער אימפארטירט סחורות פון די מלחמה־לענדער. איצט האבען די נייטראלע לענדער זייערע אייגענע אנטוויקעלטע אינדוסטריען, אזוי אז דער נאכפרעג פון די דאזיגע לענדער וועט זיין באדייטענד קלענער.

די אלע באדינגונגען פארקלענערען גוואלדיג די מעגליכקייט פאר אן אנטוויקלונג פון א גרויסען קריגס־בום. דער עיקר איז אבער אפילו ניט נאר אין די דאזיגע באדינגונגען. די אנטוויקלונג פון א גרויסען קריגס־בום וואלט געווען מעגליך נאר דעמאלט ווען א שטייגענדער נאכפרעג פאר קריגס־מאטעריאלען וואלט געקענט ארויסרופען א פארגרעסערונג אין דער צאל באשעפטיגטע ארבייטער. א העכערונג פון ווידזשעס און א העכערונג פון פארם־איינקונפט, וואס זאל אזוי ארום פארגרעסערען די קויף־קראפט פון די מאסען.

מיר געפינען אבער ביי היינטיגען טאג די אמעריקאנער אינדוסטריען אין גאר אן אנדער לאגע. אין א גאנצער ריי פון אונזערע פריערדיגע ארטיקלען האבען מיר אנגעוויזען אויף דער ראלע פון דער אלץ שטייגענדער טעכנאלאגישער אנטוויקלונג, אויף דאס שטענדיגע איינפידונג פון אלץ נייע און נייע ערפינדונגען צו פארבייטען מיט מאשינען די לעבעדיגע ארבייטס־קראפט — מיט איין ווארט, אויף דעם אומאויפהערליכען וואוקס פון דער ארבייט־פראדוקטיוויטעט, וואס ברענגט אומפארמיידליך צו דעם ארויסשטופען פון אלץ א גרעסערער צאל באשעפטיגטע ארבייטער. די אמעריקאנער אינדוסטריען זיינען היינט א סך ווייניגער אפהענגיג פון ארבייט פאר דעם וואוקס פון זייער פראדוקציע, ווי אין 1914. דער נייער נאכפרעג פאר קריגס־באדערפענישען וועט זיין מעגליך צו באפרידיגען מיט א פארהעלטניסמעסיג פיל קלענערער צאל נייע ארבייטער ווי אין 1914. דאס הייסט, אז די „איבער־פראדוקציע" וועט אנקומען פיל גיכער, ווי דעמאלט.

דאס הייסט אבער דורכאויס ניט, אז די אמעריקאנער אינדוסטריען וועלען ניט ווערען סטימולירט דורך וואקסענדע קריגס־באשטעלונגען. באזונדערס אויב די מלחמה זאל אנהאלטען מערערע יארען. אז דאס איז קלאר, איז גענוג צו באווייזען, למשל, מיט דעם, וואס אין דער צייט, ווען שטאל האט דערגרייכט 83 פראצענט פון איר פראדוקציע־פעאיגקייט אין פארגלייך מיט 68 פראצענט פון פאריגען חודש, קענען שטאל־געברויכער באפרידיגט ווערען נאר מיט א טייל פון זייער נאכפרעג. טעקסטיל־פאבריקאנטען האבען מער באשטעלונגען ווי זיי קענען באפרידיגען. קאטען פאבריקאנטען האבען אויספארקויפט זייער גאנצע פראדוקציע ביז צום ענד פון יאר אינאיינעם מיט אן ערך 65—75 פראצענט פון זייערע זאפאסען. שיך פאבריקאנטען ליידען פון א מאנגעל אין לעדער. דאס זעלבע אין אנדערע אינדוסטריען.

די פראגע איז אבער נאך א מאל, ווי לאנג אזא לאגע קען אנהאלטען — און צי דער דאזיגער קויף־פיבער איז באמת א געזונטער. מען באדארף אויך האבען אין זינען, אז ענגלאנד און פראנקרייך האבען גענוג „קעש" צו צאלען פאר סחורות און דערפאר וועלען זיי קויפען נאר דאס, וואס איז אבסאלוט נויטווענדיג, באשרענקענדיג פון סאמע אנהויב דעם געברויך פון דער ציווילער באפעלקערוג. צאלענדיג מיט „קעש" וועלען זיי זיין פיל פארזיכטיגער בנוגע פרייזען, ווי אין דער לעצטער מלחמה. באזונדערס אין אנהויב. דערפאר איז מעגליך, אז פרייזען זאלען ניט שטייגען זייער שטארק אין דער נאענטסטער צוקונפט.

די מלחמה־לענדער זיינען איצט בעסער ארגאניזירט און צוגעגרייט, אבער עקאנאמיש זיינען זיי פונדאמענטאל שוואכער ווי אין אנהויב פון ערשטען קריג. די גוואלדיגע מעכאניזאציע אין אנפירען פון דער מלחמה און די אומגעהויערע גרויסע אויסגאבען, וואס זיינען מיט דעם פארבונדען, וועט מעגליך גיכער אויסשעפען די מלחמה־לענדער עקאנאמיש.

עס איז שווער פאראויסצוזאגען, ווי לאנג דער קריג וועט אנהאלטען. עס איז אבער שווער צו פארשטיין, ווי אזוי די איצטיגע מלחמה קען אנהאלטען פיר יאר, אויב די מלחמה־לענדער זאלען פארהעלטניסמעסיג שנעל אויסשעפען זייערע עקאנאמישע רעסורסען.

דייטשלאנד האט אריינגעווארפען אלע אירע רעסורסען אין צוגרייטען די מלחמה און ליידט איצט א דוחק סיי אין פראדוקטען צו באפרידיגען דעם געברויך פון איר באפעלקערונג, סיי אין רויע מאטעריאלען, סיי אין ארבייטס־קראפט.

אפגעזען פון דייטשלאנד'ס גוואלדיגע אנשטרענגונגען אין צוגרייטען די מלחמה, אפגעזען פון דעם, וואס דייטשלאנד איז בעסער צוגעגרייט זיך צו באגיין אן אימפארט ווי אין 1914, מוז מען פון דעסטוועגען באמערקען, אז די אלגעמיינע עקאנאמישע רעסורסען פון יעטווידער לאנד — ווי גרויס זיי זאלען ניט זיין — זיינען קיינמאל ניט אנטגילטיג גענוג. דער מאנגעל פון איין־איינציגען פראדוקט קען אמאל זיין אנטשיידענד. עס איז ניט גענוג צו האבען א גרויסע צאל זאפאסען פון רויע מאטעריאלען, עס איז וויכטיג צו האבען די נויטיגע צאל מאטעריאלען אין דער געהעריגער פראפארציע. פון דעם שטאנדפונקט איז וויכטיג צו נעמען אין אנבאטראכט, אז אין די יארען 1928—1929 האט דייטשלאנד אימפארטירט איר גאנצען באדארף פון כראם, צין, קוועקזילבער, גאלד און ניקעל, א העלפט פון איר באדארף פון מאגנעזיום, צינק און זילבער, כמעט איר גאנצען קופער און בליי און דריי פערטעל פון איר אייזען — און אז די לאגע אין באצוג צו די דאזיגע מינעראלען האט זיך זייער ווייניג געביטען, אפגעזען פון דייטשלאנד'ס גוואלדיגע אנשטרענגונגען. דייטשלאנד האט אין גאנצען ניט קיין קאטען און איז אין דער הינזיכט אבסאלוט אפהענגיג פון אויסלענדישען אימפארט.

דער עיקר איז אבער איל. באנוצענדיג עראפלאנען און טאנקס אין די הונדערטער און טויזענטער, פאדערט זיך א גוואלדיגע מאסע גאזאלין. די ארמיי איז, אחוץ דעם, מעכאניזירט. א לייכטע מאטאריזירטע דיוויזיע פארברויכט אין דורכשניט אן ערך 423 גאלאן גאזאלין פאר יעדען מייל. דייטשלאנד איז אימשטאנד צו פראדוצירען ניט מער ווי ארום א העלפט פון איר נארמאלען געברויך, אפגעזען פון דעם, וואס זי האט פארגרעסערט די פראדוקציע פון איר איל פון 1,271,940 פעסלאך אין יאר 1930 ביז 3,430,000 פעסלאך אין יאר 1937. אמת, זי קען פראדוצירען אן ערך נאך א מאל אזוי פיל איל פון קוילען, מער ניט דער דאזיגער פראצעס איז זייער טייער. דערפאר טאקע, אגב, איז דער גורל פון רומעניע און איר ראל אויסערגעוויינליך וויכטיג, ווייל רומעניע פראדוצירט ארום 61 מיליאן פעסלאך רויע איל — אן ערך 18 מאל מער ווי דייטשלאנד.

גרויסע האפענונגען ווערען געלעגט אויף אויסשפרייטען דעם האנדעל פון די פאראייניגטע שטאטען מיט די זיד־אמעריקאנישע לענדער. עס ווערען געמאכט פרואוון צו פארנעמען דייטשלאנד'ס מסחר מיט זיד־אמעריקע און זיד־אמעריקעס פארקלענערטען האנדעל מיט ענגלאנד. דייטשלאנד'ס עקספארט צו זיד־אמעריקע האט באטראפען 249 מיליאן דאלאר און ענגלאנד'ס — 179 מיליאן דאלער אין יאר 1938. מען מוז אבער באמערקען, אז אן א גרויסען עקספארט צו דייטשלאנד וועט זיד־אמעריקעס קויף־קראפט שטארק פאלען און עס וועט גארניט זיין אזוי גרינג צו פארגרעסערען דעם עקספארט פון זיד־אמעריקע צו די פאראייניגטע שטאטען.



אונטער אזוינע אלגעמיינע באדינגונגען איז ניט פאראן קיין שום בארעכטיגונג פאר א באדייטענדער העכערונג פון פרייזען פון אלע וויכטיגע ארטיגע פראדוקטען. אונטער אזוינע באדינגונגען קען יעדע ווילדע ספעקולאציע נאר גוואלדיג שעדליך ווירקען אויף דער עקאנאמישער לאגע פון לאנד און פארגרעסערען די שוין במילא הויכע לעבענס־קאסטען פון די ברייטע מאסען. און אז די פרייזען פון לעבענס־מיטעל און אנדערע סחורות האבען שוין באוויזען זיך א הויב טאן אין משך נאר פון איין חודש באווייזען פאלגענדע ציפערען. דער „פעדעראל רעזערוו" אינדעקס באוויזט, אז האלסייל־פרייזען אויף שפייז זיינען געשטיגען ביז 75.1 אין סעפטעמבער אין פארגלייך מיט 67.2 אין אויגוסט — און אויף אנדערע פראדוקטען — ביז 79.5 אין סעפטעמבער אין פארגלייך מיט 75.0 אין אויגוסט.

האלסייל פרייזען פון די וויכטיגסטע לעבענס־פראדוקטען איז א געפערליכע ווארנונג. געגען דעם דארף פון סאמע אנהויב אן געפירט ווערען א ביטערער קאמף. מיט אלע מעגליכקייטען און אויף יעדען אופן מוז מען זען שטערען די אנטוויקלונג פון דער דאזיגער טענדענץ.

די אנטוויקלונג פון דער דאזיגער טענדענץ האט אין ענגלאנד אין איין חודש שוין דערפירט צו ביטערע סטרייקס פון מיליאנען ארבייטער, וועלכע קעמפען געגען א פארזוך צו נידעריגען זייער לעבענס־סטאנדארד.

מיר וויסען זייער גוט, וואס מיר קענען דערווארטען דא אין אמעריקע, ווען א קינסטליכע קריגס־היסטעריע און א גוואלדיגער טומעל וועגען א נייעם בום און הויכער „פראספעריטי" זאל דערוויל ביז וואס־ווען פארערגערען די אזוי שוין ווייט ניט פויגעלדיגע לאגע פון מיליאנען אמעריקאנער ארבייטער און באזונדערס פון מיליאנען ארבייטסלאזע.

א קאמף פאר העכערע שכירות, איבער דעם שטייגען פון פרייזען אויף לעבענסמיטעל פירען שוין אן איצט די ארבייטער אין עטליכע אינדוסטריען. און דאס איז דאך ערשט אין סאמע אנהויב. מיט הויכע פרייזען אויף לעבענס־מיטעל און מיט א מעגליכער אינפלאציע קען דעם ארבייטער'ס מאגערע ווידזשעס געשמאק געשניטען ווערען אן אן ענדערונג אין נאמינאלען לוין. וויפיל אמעריקע זאל דעמאלט ניט פראפיטירען פון דער טראגעדיע אין אייראפע, וועט דאס אלץ פארבלייבען אין די קעשענעס פון די באנקירען, פינאנסיסטען און פאבריקאנטען. די לאגע פון די ברייטע מאסען וועלען פארלירען אפילו די מעגליכקייט אויסצונוצען די פארהעלטניסמעסיגע אלגעמיינע פארבעסערונג פון דער עקאנאמישער לאגע אין לאנד, וואס האט אין גאנצען ניט צו טאן מיט'ן קריג.

א פארהעלטניסמעסיגע פארבעסערונג פון דער עקאנאמישער לאגע אין לאנד פאלט טראגיש צונויף מיט דעם אנהויב פון דער מלחמה אין אייראפע. און עס איז קלאר, אז דער קריג וועט פארגרעסערען די באשטעלונגען אין פילע אינדוסטריען. ווי א רעזולטאט פון די דאזיגע באשטעלונגען וועט ביזנעס אנהויבען אינוועסטירען קאפיטאל. עס וועט געוויס פארקומען א העכערונג פון עקאנאמישער אקטיוויטעט אפילו אין אינדוסטריען, וואס זיינען ניט דירעקט פארבונדען מיט קריג. ביזנעס „צוטרוי" וועט געוויס אויפלעבען, ווייל די דאזיגע אידעלע פלאנץ געדייעט וואונדערבאר פון אן אויסזיכט פאר הויכע פרייזען און אונטער דער הייסער זון ספעקולאציע. אבער גוואלדיגע פראבלעמען זיינען פארבליבען ניט דערלייזט, וועלכע קענען ניט אויסגעהיילט ווערען איבער־נאכט.

וויפיל מיר זאלען צייטווייליג ניט פראפיטירען פון דער טראגעדיע אין אייראפע וועט דאס אבער סוף־כל־סוף נאר נאך מער פארשארפען אונזערע פונדאמענטאלע עקאנאמישע פראבלעמען. די מלחמה וועט זיין אימשטאנד, מעגליך, אפצושטופען די דאזיגע פראבלעמען, אבער ניט זיי צו לייזען — און וועט אומפארמיידליך ארויסרופען נייע פראבלעמען.

# די אונטערערדישע רעוואלוציאנערע באוועגונג אין דייטשלאנד

פון ס. אויפהייזער*)



פאשיזם איז הערשאפט דורך מאכט, איינערהאלב און אויסערהאלב דעם אייגענעם לאנד. עס איז כאראקטעריסטיש פאר יעדער מינאריטעט־הערשאפט, ניט צו טאלערירן קיין שום אפאזיציע. ביי די געגנער פון דעם רעזשים ווערט אוועקגענומען יעדעס מיטעל צו ווערען זיך, יעדע סארט ארגאניזאציע ווערט פארניכטעט אום צו מאכען אונמעגליך א געמיינשאפטליכען אנגריף געגען דער דיקטאטור. די דיקטאטור זוכט אבזיכטליך אנצויאגען א מורא אויפ׳ן פאלק. אויף דעם אופן האט אדאלף היטלער פארמאכט די מיילער פון אכציג מיליאן מענשען דורך טעראר. זינט 1933 זיינען 25,000 קרבנות ערמארדעט געווארען דורך הינריכטונגען, דערשיסונגען און דורך פארפייניגען צום טויט אויף אנדערע אופנים, דערפאר וואס זיי האבען ניט געוואלט פארראטען זייערע דעמאקראטישע פרינציפען.

דער אונטערשייד צווישען די דעמאקראטישע און דיקטאטארישע רעגירונגען באשטייט אין דעם וואס די ערשטע זוכען זיך צו האלטען אין מאכט דורך דער אקטיווער באטייליגונג פון דער באפעלקערונג און די לעצטע — דורך אפשוואכען זייערע אונטערטאנען אז זיי זאלען זיך ניט קענען ווערען. די פאשיסטישע דיקטאטארען האלטען זיך ניט אין מאכט דורך זייער אייגענליכער קראפט, נאר דורך דער סיסטעמאטישער אפשוואכונג פון זייערע געגנער. אט די טאקטיק ווענדען זיי אן ניט נאר געגען זייערע אייגענע פעלקער, נאר אויך געגען שכנישע לענדער. עס איז איבער דער דאזיגער אלגעמיינער ליניע, וואס אין אלע היטלער׳ס רעדעס צו די דעמאקראטישע רעגירונגען אין אייראפע דורך די לעצטע זעקס יאר, איז זיין יעדער פארשלאג באגלייט געווען מיט סטראשונקעס. אט האט ער געסטראשעט מיט מלחמה און באלד נאכדעם — מיט שלום; אט האט ער געשראקען די לענדער מיט א פארפלייצונג פון באלשעוויזם און אט מיט א פאראייניגונג מיט די באלשעוויקעס. יארען לאנג האט ער אזוי ארום געהאלטען אין דער מורא ניט בלויז די דייטשען, נאר אויך גאנץ אייראפע.

אבער אומזיכערקייט פון מענשען קען קיינמאל ניט דינען אלס פונדאמענט פאר א לעבעדיגע רעגירונג. אין לויף פון דער צייט קען טעראר ניט באזיגען ציוויליזאציע און קען ניט בייקומען די געזעלשאפטליכע אנטוויקלונג. זינט היטלער איז אריין אין מאכט, האט זיך אנגעהויבען באמערקען דער צוריקגאנג פון דעם דייטשען האנדעל און קולטור. ער האט פארוואנדעלט דאס דייטשע פאלק אין שקלאפען וואס זיינען אונטערווארפען דעם שטאט; ער האט געקענט פארבאטען די מענשען זאגען אדער שרייבען דעם אמת; ער האט אבער זיי ניט געקענט פארבאטען צו דענקען.

דער געזעלשאפטליכער און גייסטיגער עלענד האט באשאפען א שטענדיג־וואקסענדע געגנערשאפט צום רעזשים אין אלע שיכטען פון דער געזעלשאפט. דאס איינצאמען פון גייסטיגער פרייהייט האט באשאפען געגנערשאפט אין די געביטען פון קונסט און וויסענשאפט; די פאדערונגען אפצוגעבען דער רעגירונג א טייל פון זייערע פראדוקטען האט ארויסגערופען אומצופרידענהייט צווישען די פויערים; די אייגענטימער פון דער אינדוסטריע האבען געליטען פון דער ביוראקראטישער אריינמישונג אין זייערע פאבריקען; די קליינע געשעפטסלייט זיינען אוועקגעשטעלט געווארען פנים אל פנים מיט פולשטענדיגען חורבן; די קירכע האט זיך דערפילט אין געפאר; די ארבייטער זיינען געמאכט געווארען הילפלאז דורך דער צעשטערונג פון זייערע ארגאניזאציעס. איין זאך האט די דיקטאטור אבער ניט געקענט פארניכטען: די געזעלשאפטליכע איינינקייט פון די ארבייטער איז געבליבען לעבען. טויזענדער ענטשלאסענע ארבייטער פירען אן א העראאישען קאמף געגען זייערע אונטערדריקער. דער אונטערערדישער קאמף קען ניט אננעמען די פארמע פון א מאסען־באוועגונג, אבער דער גאנצער רייך איז באדעקט מיט אן אמת׳ער נעץ פון אונצעליגע גרופען וואס שטיצען דעם קאמף און אויף וועלכע מען קען זיך פארלאזען. אט די גרופען שטעלען מיט זיך פאר די צענטערס ארום וועלכע די מאסען וועלען זיך גרופירען אין דעם געהעריגען מאמענט. די גרויס פון דער אונטערערדישער באוועגונג און איר טעטיגקייט קען מען זען פון די הונדערטע טויזענדער פון אירע קעמפער וואס ווערען פארשפארט אין די קאנצענטראציע לאגערן. ווען איינער פון זיי פאלט אריין, זיינען דריי גרייט צו פארנעמען זיין פלאץ.

זינט דעם אנהויב פון דער מלחמה איז פארגעקומען אין די מאסען א מין נאכלאזען פון דער מורא. איינע פון קענטיגע סמנים איז דאס גראדענווייזע פארשווינדען פון מסירות צו דער פאליציי. ביז איצט האט יעדער דייטש געמוזט פארדעכטיגען זיין שכן אלס מסור. צי ער האט זיך צוגעהערט אויף דער ראדיא צו אן אויסלענדישען בראדקעסט, האט געלעזען א פארבאטענע צייטונג אדער האט ארויסגערעדט אן איבעריגען ווארט, האט ער אלע מאל געמוזט מורא האבען אז מען וועט אים מסור׳ן צו דער געסטאפא. איצט איז די מורא אפגעשוואכט. איך האב אויך ערפארען פון צייטונגס־קארעספאנדענטען, אז אין בערלין האט דער עולם ווידער אנגעהויבען דיסקוטירען. די צוריקגעהאלטענקייט פון דער באפעלקערונג האט אפגעטראטען דעם פלאץ פאר ווידערשפענונג. אונטער א דיקטאטור איז דאס אנהויבען אפען דיסקוטירען דער אנהויב פון דער ווידער־אויפלעבונג פון דער באפעלקערונג. דאס באקלאגען זיך פון דער באפעלקערונג ווערט אלץ העכער.

קריטיק פון די הערשענדע פאראנדקעס ווערט אלץ אפענער לעצטענס צווישען די קליינע געשעפטסלייט און בעל מלאכות. די רעגירונג האט לעצטענס געשלאסען אלע אזוי גערופענע „איין מאן געשעפטען" (קליינע פירמעס וואס באשעפטיגען בלויז איין אדער צוויי מענשען); די אייגענטימער האט מען פארוואנדעלט אין ארבייטער און ארויסגעשיקט צו די מערב פעסטונגען. דער פראטעסט פון די מיטעל־קלאסען געגען די מלחמה ליידען דריקט זיך אויס בלויז אין „גראמבלען", אין באקלאגען זיך. די געגנערשאפט פון די פויערים אבער איז א מער ענערגישע. זיי דריקען אויס זייער פראטעסט דורך ניט אריינברענגען די מאס תבואה און אנדערע פראדוקטען וואס די רעגולאציעס פון דער רעגירונג פאדערען. דער ערשטער ענטפער פון דער רעגירונג אויף דעם סארט פראטעסט איז געווען — מאסען ארעסטען. אן אנדער פארמע פון פראטעסט פון די פויערים איז דאס פארלאזען די פארמס. לויט די ציפערען פון פויערים קאנגרעס, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין גאסלער, האט די צאל פויערים און ערד־ארבייטער אין דייטשלאנד זיך פארקלענערט מיט 400,000 זינט 1933. די לאגע פון די אינדוסטרי אייגענטימער און די שטימונג צווישען זיי קען מען זען פון פאל־געווארען אין גאסלער, האט די צאל פויערים און ערד־שרייבט: „מיר זיינען אייגענטימער בלויז אין נאמען. מיר האבען ניט קיין רעכט צו באשטימען וואס צו טאן מיט אונזער אייגענטום, מיט אונזערע פראפיטען אדער א וועלכע עס איז דעה איבער דער פראדוקציע. זינט דעם אנהויב פון קריג פעלען אונז געשולטע ארבייטער. איך קען ניט קריגען קיין בעל מלאכות אויף די ליידיג־געווארענע פלעצער דורך דער ארבייטס־ביורא. דער מאנגעל אין רוי־מאטעריאלען איז קאטאסטראפיש. אונצעליגע ביוראקראטישע רעגולאציעס האבען מיר געצוואונגען צו פארטאפלען די אדמיניסטראטיווע אנגעשטעלטע אין איין יאר. די טעגליכע ארבייט אויסצופילען די פארשיידענע בלאנקען פאר גערינג׳ס טשינאווניקעס ברענגען נאטירלעך גאר ניט אריין. דייטשלאנד׳ס עקאנאמישע רעסארסען ווערען פארשלונגען פון דער מלחמה. נאכדעם ווי היטלער וועט געשטירצט ווערען, וועט עס זיין זייער שווער בייצוקומען די לאסט פון די חובות פון די געשעפטען און פון דער רעגירונג".

אט די קרייזען ווארטען אז די ארבייטער זאלען ווערען טעטיג. א טעקסטיל פאבריקאנט פון זאקסען האט דא ניט לאנג צוריק געזאגט: „אין דער אמאליגער דייטשלאנד בין איך געווען א געגנער פון די טרייד־יוניאנס, היינט ווינש איך אז די יוניאנס זאלען צוריקקומען. עס איז אונמעגליך צו האנדלען מיט די נאציס פון דעם „דייטשען ארבייטער פראנט". אלע באריכטען באשטעטיגען, אז היטלער׳ס געגנער באגרייפען זייער גוט, אז בלויז די ארבייטער קענען זיין די טרייבקראפט פאר אן ארגאניזירטען ווידערשטאנד געגען דער דיקטאטור. זייער באוועגונג וועט קריגען די סימפאטיע און שטיצע פון אלע אנדערע קלאסען.

א באזונדערס וויכטיגע ערשיינונג זינט דער מלחמה, איז די וואקסענדע צאל ארעסטען פון הויז פרויען, וועלכע פראטעסטירען אפען געגען די רעגולאציעס וואס די רעגירונג האט ארויפגעצוואונגען אין קיך. ספאנטאנע דעמאנסטראציעס זיינען אויסגעבראכען אין די מארק ביים איינקויפען שפייז. הונדערטע פרויען שטייען אין א לאנגע רייהע נעבען א קראם ערגעץ אין רהיינלאנד. פלוצלונג שרייט איינע פון די פרויען אויס: „וועלען מיר דארפען גיין אין מלחמה מיט בראזיליען אום צו קענען קריגען גוטע קאווע?". דאס שטייגען פון פרייזען אויף די נויטיגסטע שפייז פראדוקטען גייט האנט אין האנט מיט דער פארערגערונג פון דער קוואליטעט פון די סחורות. דאס מאכט די פרויען נאך מער פארביטערט. די געגנערשאפט צום קריג האט פאראורזאכט דעמאנסטראציעס פון פרויען נעבען די וואקזאלען אין בערלין און וויען. ווען זייערע מענער, פאטערס און זין זיינען אהין געבראכט געווארען אויף אפצושיקען זיי צו די שלאכטפעלדער, האבען די פרויען פארצאמט דעם וועג און געמאכט אזוינע געוואלדען אז די פאליציי האט זיך געמוזט אריינמישען. איצט האט מען איינגעפירט א רול וואס פארבאט פרויען אריינצוגיין אין וואקזאל.

אז די ארבייטער זיינען די געפערליכסטע שונאים פון דעם היטלער רעזשים, ווייסען ניט נאר אלע קלאסען אין דייטשלאנד, נאר אויך די רעגירונג ווייס עס. נאך לאנג איידער דער קריג האט אויסגעבראכען, האט דער הויפט פון דער נאצי פאליציי, הימלער, ארגאניזירט א ספעציעלע ארמיי געגען דעם אזוי גערופענעם „אינערלאכען שונא". די סאלדאטען פאר דער ארמיי זיינען ספעציעל אויסגעקליבען געווארען פון די רייען פון די נאציס. קיינער פון זיי דינט ניט אין זיין אייגענער שטאט. אט די באשיצער, וועלכע טראגען דעם טויטען־קאפ עמבלעם, האט מען איצט מאביליזירט. זינט אנהויב סעפטעמבער האבען זיי ארעסטירט הונדערטע געוועזענע טרייד־יוניאן בעאמטע. אומערווארטעט האבען זיי איצט צוגעקראגען נאך אן אויפגאבע. זינט עס איז אונטערגעשריבען געווארען דער פריינדשאפט אפמאך צווישען היטלער און סטאלין, האט זיך ענטוויקעלט א שארפע אפאזיציע אין די רייען פון די נאציס. די ערשטע קוילען פון הימלער׳ס גווארדיע האט געטראפען היטלער׳ס אייגענע נאכפאלגער.

אויך אין ארבייטער־לאגער האט דער היטלער־סטאלין אפמאך געענדערט די צעטיילונגס־ליניע. אין דער ארבייטער באוועגונג זיינען די נאציס און די קאמוניסטען צעטומעלט. די נאציס פילען, אז היטלער האט זיי פארראטען און די קאמוניסטען פילען, אז סטאלין האט זיי פארקויפט.

איינע פון די וויכטיגסטע שוואכקייטען פון דעם נאצי רעזשים איז דאס וואס ער האט ניט קיין ארגאן, דורך וועלכען ער קען רעדען צו די ארבייטער. אין 1914, ווען די מלחמה האט אויסגעבראכען, זיינען די ארבייטער געווען פאראייניגט אין טרייד־יוניאנס. די שטעלונג וואס די יוניאנס האבען דעמאלט גענומען צו דער רעגירונג און צו דער מלחמה האט מיט זיך געטראגען אויטאריטעט פאר די מיליאנען ארבייטער אין די פאבריקען. היינט איז דאס דער „דייטשער ארבייטער פראנט", אבער אט די ארגאניזאציע האט ניט דעם מינדסטען איינפלוס אויף די געדאנקען און געפילען פון די מאסען. אט אין דעם באשטייט היטלער׳ס גרעסטע שוואכקייט אין דער איצטיגער מלחמה. דער דריטער רייך האט פאקטיש ניט קיין גייסטיגען אנהאלט אויף די ארבייטער מאסען. אין 1933 האט היטלער באפוילען אז די ארבייטער מוזען פארבלייבען ניט ארגאניזירט. היינט צו טאג האט ער ניט קיין פארבינדונגס־קיטלען מיט די מיליאנען וועלכע זיי און זייער ארבייט וועלען זיין דער ענטשיידענ־

*) גענ. אויפהייזער איז ביז היטלער׳ס קומען צו דער מאכט געווען דער פירער פון דער יוניאן פון שיפס אנגעשטעלטע אין דייטשלאנד און א מיטגליד פון רייכסטאג. ער האט אויסגעצייכענטע פארבינדונגען מיט אייראפא און קען גוט די דארטיגע לאגע.

# דאָס פייערל

אָסיפ דימאָוו

(ערציילונג)

פּאַסירט האָט דאָס מיט יאָרען צוריק, ווען די אַמעריקאַנער שעפער זיינען נאָך ניט געווען אַזוי אָנגעפילט מיט אייראָפּעאישע אימיגראַנטען, באַזונדערס פון רוסלאַנד — וויל די דאָזיגע אימיגראַנטען האָבען נאָך געלעבט אין די שטעדט און שטעדטלאַך פון דער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי". קאַרל מאַרקס איז דאָרט געווען דאַמאָלס דער געפערליכסטער פּאָליטישער „פאַרברעכער". זיינע ביכער זיינען געווען פאַרבאָטען און די לעזער פון אַזעלכע ביכער זיינען געווען פאַרפאָלגט, איינגעשפּאַרט אין טורמע, פאַרשיקט קיין סיביר. און דאָך האָט מען געלייענט די „פּאָליטישע ביכער" און פאַרט אָנגעפאַנגען צו זינגען „מיר שווערען, מיר שווערען", און געגאַנגען דעם לאַנגען, שווערען וועג.

⁂

די שטאָדט איז געווען ניט קיין קליינע, דער צענטער פון טוך־אינדוסטריע. גאַנץ רוסלאַנד און פּוילען האָט גוט געקענט דעם דאָזיגען שטאָף. די פאַבריקען פון דער שטאָדט האָבען קאָנקורירט מיט דייטשלאַנד. די פאַבריק־באַזיצער האָבען פאַרדינט גאַנץ גוט — און די אַרבייטער — נו, די אַרבייטער האָבען געטיילט דעם געוויינליכען שיקזאַל פון אַלע אַרבייטער פון דער וועלט: מען האָט זיי עקספּלואַטירט ווי ווייט דאָס איז געווען מעגליך.

און מעגליך איז דאָס געווען וויפיל מען האָט געוואָלט. קיין באַזונדערע געזעצען צו פאַרטיידיגען די רעכטען פון דעם אַרבייטער־קלאַס זיינען דאַמאָלס אין רוסלאַנד ניט געווען. אָפילו דער באַגריף „אַרבייטער קלאַס" האָט זיך זעהר שווער געלעגט אויף דעם שכל פון די וואָס האָבען געהאַט די מאַכט. יעדע פאַבריק איז געווען אַ גאַנץ פּריוואַטע זאַך און די באַציהונגען צווישען דעם פאַבריק־באַזיצער און זיינע אַרבייטער איז אויך געווען אַ גאַנץ פּריוואַטע אָנגעלעגענהייט. אַ יעדער פאַרזוך פון אָרגאַניזירען זיך, פון פירען פּראָפּאַגאַנדע איז געווען פאַרבאָטען.

און דאָך שטילערהייט, פאַרבאָטענערהייט האָט אַ פייערל געשימערט און געברענט הינטער דער שטאָדט, אין די גאַסען וואו די פאַבריקען זיינען געשטאַנען. אַ שטילער, קוים באַמערקבאַרער פונק, וואָס מיט יאָרען שפּעטער וועט ער זיך צופלאַקערען אין דער ווייטער, שיינער מדינה פון וועלכער מען האָט גע'חלום'ט — די נייע וועלט הינטער דעם אָקעאַן.

אָבער די שטאָדט אַליין, וואָס האָט געלעבט און געווען געשפּייזט פון די דאָזיגע פאַבריקען, האָט ניט באַמערקט דאָס פייערל, ניט געהערט די שטילע רייד, ניט געזען קיין „פאַרבאָטענע ביכלאַך" — אָדער, בעסער געזאָגט, זי האָט ניט געוואָלט זען און הערען. די שטאָדט האָט געלעבט איר אייגען לעבען — דעם רוהיגען, מאָנאָטאָנעם לעבען פון אַ רוסישער פּראָווינץ־שטאָדט מיט פופציג יאָר צוריק.

צווישען די איינוואוינער פון דער שטאָדט זיינען געווען צוויי באַרימטהייטען, וואָס יעדער איינער האָט זיי געקענט: משה דער כוואַט און שייקע פייפער — איינער פופצען, דער אַנדערער זעכצען יאָר אַלט. צוויי וואוילע בחורים — דער שרעק און דער פּלאָג פון דער שטאָדט. וואָס זיי האָבען געטאָן און ווי אַזוי די צוויי האָבען געלעבט האָט קיינער ניט געוואוסט. אַ ביסעל געאַרבייט, אַ ביסעל גע'גנב'עט, אַ ביסעל אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער. שטענדיג הונגעריג און שטענדיג פריילעך, געזונט און, ווי ס'האָט אויסגעזען, גליקליך.

שייקע דער איינגערער איז געווען דער אָנפירער, דער „קאָפּ"; משה, דער הויכער מיט שטאַרקע ברענענדע אויגען — די הענט. שייקע האָט ניט פיל גערעדט. צו וואָס ריידען, אַז מען קען פייפען? אַ קורצער, שטילער פייף האָט געמיינט: „וואָס עסען מיר היינט?" אַ לאַנגער און שאַרפער — „אָט גייט אַ גאָראָדאָוואָי (פּאָליסמאַן); שטעל פיס". צוויי מאָל פייפען הינטער די ציין האָט געמיינט: „איך האָב אַ געדאַנק". פאַרשטייט זיך, אַז עס איז געקומען צו אויספירען דעם געדאַנק, האָט מען שוין יאָ גערעדט. אָבער דאָס האָט שוין קיינער ניט געהערט. דאָס האָט מען דערפילט.

שוין צוויי טעג ווי די פריינד זיינען הונגעריג. אמת, נעכטען פאַרנאַכט האָט משה וואו „געפונען" אַ בייגעל און זיך ערליך צוטיילט מיט שייקע'ן) אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט איין טרוקענער בייגעל פאַר אַזעלכע צוויי בחורים? איין ביס און שוין גלוסט זיך ווידער עסען. אַ האַלבער בייגעל נאָך אַ טאָג אומגיין הונגעריג מאַכט אַפּעטיט. דאָס ווייס דאָך אַ יעדער איינער...

און ווען דער אַפּעטיט פון נעכטען ווערט ניט צושטערט און ניט אָפּגעשוואַכט אויך אויף דעם נעקסטען טאָג, גייט עס שוין אַ ביסעל צו ווייט. דאָס ווייס אויך אַ יעדער איינער. דאָ, אויב מען וויל אָדער ניט, שטעלט זיך שוין פון זיך אַליין די פראַגע:

— נו, און וואָס ווייטער? וואָס וועט זיין היינט?

— נו, וואָס וועט זיין היינט, שייקע? — האָט טאַקע אַ פרעג געטאָן משה.

זיין פריינד האָט ניט געענטפערט. אוודאי האָט ער געהערט וואָס מען האָט אים געפרעגט, נאָר ענטפערען גלאַט אַזוי, רעדען פּוסטע ווערטער, דאָס איז ניט געווען אין זיין נאַטור. אַ מענש — און דערצו נאָך אַ פריינד — פרעגט: וואו וועל איך היינט קענען עסען, מוז מען גוט נאָכדענקען איידער עפּעס אויסצורעדען. און שייקע האָט טאַקע געטראַכט, געבראָכען זיין יונגען קאָפּ. מען איז פאַרבייגעגאַנגען איין גאַס, אַ צווייטע; מען איז שוין געווען לעבען דעם מאַרק, אַ פּלאַץ וואו די פריינד זיינען געווען צו גוט באַקאַנט און אויך זעהר ניט באַליבט — און שייקע האָט אַלץ געשוויגען.

זיין פריינד האָט פאַרלאָרען דאָס געדולד:

— נו, שייקע, עס ווערט דאָך שפּעט...

ער איז געווען גערעכט. דער שטאָדט־זייגער האָט געשלאָגען צוועלף. מענשען גייען באַלד עסען שוין צום צווייטען מאָל, און זיי האָבען נאָך אין מויל ניט געהאַט. איז דאָך טאַקע פאַראַן איבער וואָס אַ קלער צו טאָן...

— אפשר — — אפשר? — האָט משה אָנגעפאַנגען עפּעס זאָגען.

— וואָס? — האָט ניט געפרעגט נאָר אויסגעפייפט שייקע.

— גאָרניט. איך האָב נאָר געמיינט...

ווידער אַ פייף.

— איך האָב געמיינט... געטראַכט... אַז אפשר פּרובירען גיין צו דער נאָוויק־פאַבריק. זיי נויטיגען זיך אין מענשען, האָב איך געהערט... און זיי צאָלען אויך נישקשה. איך מיין: ס'וועט זיין דערוייל אויף עסען און . . .

ער האָט ניט פאַרענדיגט זיינע רייד. שייקע האָט אים צוגעוואָרפען אַזאַ בייזען בליק, אַז די ווערטער זיינען אים געבליבען שטעקען אין גאָרגעל.

— כ'ווייס, — האָט ער בורטשע געטאָן, אַזוי ווי ער וואָלט זיך אַנטשולדיגט: מענשען אַרבייטען דאָך פאַרט דאָרט. — איך האָב געמיינט, אַז אויב קיין בעסערס איז ניט פאַראַן, איז . . .

אָבער דאָ האָט שייקע צוויי מאָל אַ פייף געטאָן דורך די פאַרביסענע ציין.

— נו, לאָמיר הערען! — האָט משה זיך אַליין איבערגעשלאָגען.

— איך האָב עפּעס בעסערס ווי דיין פאַבריק.

— לאָמיר הערען, — האָט איבערגע'חזר'ט משה.

— קאַוואָנע! — האָט שייקע אַרויסגערעדט, איין מאָל און נאָך אַמאָל, מיט אַן אויסדרוק פון גרויס אַפּעטיט: קאַוואָנע! (וואַטערמעלאָן).

— קאַוואָנע? יאָ, גאַנץ פיין! — האָט זיין פריינד צוגעשטימט. — ס'איז זאַפטיג און זיס אויך. ס'איז אַן עסען און אַ געטראַנק צוזאַמען. האָסט טאַקע רעכט, שייקע. אָבער וואו נעמט מען אַ קאַוואָן?

— פאַרוואָס איינעם נאָר? אויב שוין נעמען, איז ניט ווייניגער ווי פינף — דיר צוויי, און מיר דריי.

— פאַרוואָס קומט דיר מער?

— ווייל איך האָב דאָך דיך געבראַכט צו זיי, ניט דו מיך.

— האָסט נאָך ניט געבראַכט.

— וועל איך דיך ברענגען.

— וואו איז דאָס?

— וואו קען דאָס זיין? ביי יאַשקע דעם גרינעם.

משה האָט פאַרצויגען אַ מינע.

— אויב יאַשיק דער גרינער, וועסטו נאָך לאַנג וואַרטען אויף די קאַוואָנעס.

— וועלן מיר זען.

— וועלען מיר זען, — האָט משה צוגעשטימט.

און ביידע האָבען זיך געלאָזט גיין צו יאַשקע דעם גרינעם.

פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיגער יאַשקע איז גאָר ניט געווען קיין גרינער. שוין גיכער רויט. אָבער גערופען האָט מען אים אַזוי צוליב דעם, וואָס ער איז געווען אַ גערטנער. ער פלעגט דינגען אַ גרויסען גאָרטען ביי אַ באַלעבאָס אין אָנפאַנג זומער און זיך איבערקלייבען אַהין מיט זיין משפּחה אין אַ קליין הייזקע, וואָס ער אַליין פלעגט אויפבויען טאַקע אין דעם זעלבען גאָרטען. דאָרט פלעגט ער לעבען ביז אָנפאַנג הערבסט און פאַרקויפען אַלצדינג, וואָס דער גאָרטען האָט נאָר געבראַכט. דאָס איז געווען זיין פּרנסה — אַ גרינגע פּרנסה — נו, הייסט ער יאַשקע דער גרינער.

ווי און וואו ער האָט געלעבט אין ווינטער — אויב

---

דיגער פאַקטאָר אין אויסגאַנג פון דעם קריג.

די אַרבייטער אין דייטשלאַנד האָבען היינט ניט קיין געזעצליכע אָרגאַניזאַציע. אָבער אין די גרויסע אינדוסטריעלע אַנשטאַלטען איז זייער פאַרבינדונג צווישען זיך פיל פאַרשטאַרקט געוואָרען. די פאַבריק איז דער איינציגער פּלאַץ וואו אייניגקייט צווישען די אַרבייטער קען ניט געשטערט ווערען דורך פאַרבאָט. די באַפעלקערונג ווייסט אַז די קראַפט וואָס קען געבען אַ ווידערשטאַנד געפינט זיך אין די גרויסע פאַבריקען. עס גייט ניט פאַרביי אַ טאָג וואָס אין די פאַבריקען זאָל ניט פאָרקומען אַ וועלכע ניט איז אַקציע. אמת, אַז גאַנץ אָפט זיינען די אַקציעס נישט פון גרויסער באַדייטונג, אָבער עס שמידט אויס אָט די אייניגקייט וועלכע וועט שפּעטער נויטיג זיין אויפ'ן געביט פון פּאָליטישען ווידערשטאַנד. אָט איז איינע פון פילע ביישפּילען: גענעראַל גערינג האָט פאַרלענגערט די אַרבייטס צייט פון 48 אויף 60 שטונדען אַ וואָך. לעצטענס איז די „דייטשע ווירטשאַפט צייטונג" געצוואונגען געווען צו באַריכטען אַז מיט דעם פאַרלענגערען די אַרבייטס־צייט, וועלכעס איז געטאָן געוואָרען מיט'ן צוועק צו פאַרדאָפּלען די פּראָדוקציע אין די אַמוניציע פאַבריקען, איז די דורכשניטליכע פּראָדוקטיוויטעט פון דעם איינצעלנעם אַרבייטער פאַרקלענערט אַנשטאָט פאַרגרעסערט געוואָרען. דער דייטשער אַרבייטער, אָן אַ לעגאַלע פּרעסע, אָן אַן אָפענער אָרגאַניזאַציע, אָן געזעצליכע פאַרזאַמלונגען, האָט שטיל און עקשנות'דיג אָנגעהויבען אַ מאַסען־קאַמף צוריקצוקריגען דעם אַכט־שטונדען טאָג.

די אַרבייטער, וועלכע זיינען יאָרען לאַנג געווען אַוועקגעריסען פון וועלכער עס איז אינפאָרמאַציע, ווערען שטאַרק באַאיינפלוסט פון דער פּראָפּאַגאַנדע אין די ליפלעטס וואָס די ענגלישע לופט־פליער פאַרשפּרייטען. די פינסטערניש וואָס ווערט אַרויפגעצוואונגען אויף די שטעט אַלס שוץ־מיטעל געגען די פיינדליכע עראָפּלאַנען, גיט די באַוואוסטזיניגע אַרבייטער אַ גלענצענדע געלעגענהייט אויסצוקלעפּען פּראָקלאַמאַציעס אויף די ווענט און ניט געשטערט ווערען פון דער פּאָליציי. די פּלאַקאַטען ווערען דעם נעקסטען פרימאָרגען גערן געלעזען.

אַ האָפענונגספולער צייכען פון דער שטימונג אין די פאַבריקען איז אויך דער גרויסער צוטרויען וואָס די אַרבייטער ווייזען אַרויס צו די פריערדיגע טרייד־יוניאָן בעאַמטע. זיי האַנדלען פאָרזיכטיג און איבערלייגט. זיי מיידען אויס אַלע אומנויטיגע קרבנות. זיי ווייסען אָבער אַז זייער ראָט האָט געוויכט ביי די מאַסען. זיי ווייסען אַז יעדע אויפרודערונג אין דעם רעגירונגס־אַפּאַראַט, יעדע מפּלה אין קריג וואָס דער נאַצי רעזשים זאָל קריגען, קען פאַראורזאַכען אַן ערדציטערניש פאַרן פאַשיזם. דער ערשטער שריט אין דער ריכטונג פון שטירצען דעם רעזשים קען קומען דירעקט פון די נאַצי־רייען. עס וועלען אָבער זיין ניט זיי, נאָר די ערפאַרענע פירער פון דער פריערדיגער טרייד־יוניאָן באַוועגונג, וועלכע וועלען געבען די ריכטונג און אָנצייכענען די צילען פאַר דעם קומענדען פאָלקס־אויפשטאַנד.. אין די טיפענישען פון דייטשען פאָלק גייט נאָך אָן דער פּראָצעס פון יירונג. די דעמאָקראַטישע עלעמענטען אין דייטשלאַנד און די גרויסע דעמאָקראַטישע מעכטע פון ענגלאַנד און פראַנקרייך וועלען זיך נאָך רייכען די הענט איבער די גרענעצען.

ער האט אינגאנצן געלעבט — דאס האט קיינער ניט געוואוסט, און, דעם אמת געזאגט, דאס האט קיינעם ניט געקימערט. ס'וועט קומען דער זומער, וועט ער זיך שוין באווייזן. און ווען עס וועט זיך באווייזן יאשקע מיט זיין גארטען, וועלן זיך שוין אויך באווייזן משה מיט שייקען.

די דאזיגע צוויי פארטייען זיינען געווען אויף מעסערס. ווייל די ביידע בחורים האבן געהאט א טבע זיך אריינצוגנב'ענען אין דעם גארטען און לאטכענען וואס נאר זייער מאגען האט געקענט פארטראגן. און זייער מאגען האט אלץ פארטראגן. נו, פארשטייט איר דאך, אז ס'איז געווען פון וואס צו דענקען. יאשקע איז געווען א געזונטער איד מיט ביינער און האט פארשטאנען צו געבן קלעפ. דאס האבן אונזערע פריינד שוין געוואוסט גוט — אפילו צו גוט. די צרה איז נאך געווען גרעסער, וואס ער איז געווען פלינק אויף די פיס און אנטלויפן פון אים איז געווען שווער... אבער — פארט פרובירן קען מען דאך.

— אצינד, ארום דער שעה, — האט שייקע פארגעלעגט זיין סטראטעגישן פלאן, — דארף דאך יאשקע עסן אין זיין שטיבעל; און אז ער עסט קען מען דאך אריין אין גארטען פון דער אנדערער זייט — פון דער וואנט, וואס איז ביי דער פאבריק. קום נאר!

אט איז די פאבריק, און אט איז די האלב־אפגעברענטע וואנט וואס איז געבליבן שטיין, ווען נאוויק'ס פאבריק האט אפגעברענט מיט א פאר יאר צוריק.

משה און שייקע זיינען צוגעגאנגען נענטער און זיך צוגעהערט. ס'איז געווען שטיל, רוהיג. זיי האבן פאמעלאך געעפענט די אלטע פארראסטע טיר, אריינגעשטעקט דעם קאפ, ארומגעקוקט זיך.

— אט איז דאס. זעסט? — האט שייקע אויסגעהויכט, קוקענדיג פאר זיך אין דער לופט ווי א היפנאטיזירטער.

— יא! — האט נאך שטילער זיך אפגערופען משה.

גרינע, קיילעכדיגע, רייפע קאוואנעס זיינען געלעגן אויף דער ערד און געבאדען זיך אין די גאלדענע שטראלען פון דער הערבסט־זון.

— פינף... אקוראט פינף — האט משה געשושקעט און טרערן פון הונגער און באוואונדערונג האבן זיך באוויזן אין זיינע שווארצע, זשעדנע אויגען.

שייקע איז געווען מער פראקטיש, און לאזענדיג פאזיע צו רו, האט ער געמאכט א שריט פאראויס.

— קיינער איז ניטא. יאשקע איז אין זיין הייזקע מסתמא. לעג זיך.

ביידע האבן זיך אנידערגעלעגט אויף דער ערד און אנגעפאנגען צו קריכען — שטיל, שטיל, פארזיכטיג... נאך א שפאן און נאך א טריט — צוויי הונגעריגע חיות היפנאטיזירט פון די פינף גרינע קאוואנעס וואס האבן געווארט אויף זיי — אויף זיי ביידען.

נאר פלוצים זיינען ביידע געבליבן שטיל, פארגליווערט. זיי האבן דערהערט א שטים — א רוהיגע, מאנאטאנע, אנגענעמע שטים פון א פרוי.

שייקע האט געגעבן א ציכען זיין פריינד זיך ניט צו רירען פון ארט און אליין האט ער זיך צוגערוקט א ביסעל נענטער. די מאנאטאנע שטים האט ווייטער גערעדט — אידיש, פארשטייט זיך, אבער קיין ווארט האט שייקע ניט געקענט פארשטיין. ער האט ארויסגעשטעקט זיין קאפ פון הינטער דעם בוים און האט דערזען — —

צוויי יונגע מיידלאך — אפנים פאבריק־ארבעטארינס — זיינען געזעסן אויף דער ערד, לעבן א בוים, און געגעסן הייסע בולבעס פון א טאפ, וואס איז געשטאנען אויפ'ן גראז.

שייקע האט פארשטאנען, אז די פאבריק־מיידלאך האבן איצט א שטיקעל צייט פריי, און די גערטנערקע, יאשקע'ס ווייב, האט מסתמא אפגעקאכט פאר זיי א פאר בולבעס. אונטערצוכאפן דאס הארץ. פיין, גוט — אבער צו וואס דארף איינע פון די מיידלאך, די שווארצינקע, לייענען פון א בוך? — אזוי און אזוי, אז כאטש ס'איז אידיש איז עס טערקיש: גיט צו פארשטיין א ווארט? אבער טאקע קיין ווארט ניט!...

שייקע איז געלעגן שטיל, דעם קאפ א ביסעלע אויפגעהויבן, און זיך צוגעהערט. יא, די ווערטער קען מען שוין פארשטיין: מאשינען — — ארבייטער־קלאס — — — קאפיטאל — — — און ווידער מאשינען — — — און ווידער קאפיטאל — — — אבער וואס מיינט דאס אלץ און צו וואס דארף מען דאס לייענען? און דערצו נאך ווען מען עסט בולבעס הייסע, געשמאקע בולבעס, וואס פארכאפן דעם אטעם ווען מען ווארפט נאר א בליק אויף זיי? בולבעס מיט לייענען — ווער האט דאס געהערט? וואס זיינען דאס די פאבריק־מיידלאך — פון זינען אראפ?

אבער א סך טראכטען האט שייקע ניט געקענט. שוין האט זיך באוויזן יאשקע'ס ווייב ארויסגייענדיג פון דאס שטיבעלע, וואס איר מאן האט אויפגעבויט און זאגענדיג צו די מיידלאך:

— איר ווילט אפשר נאך?

— ניין, מיר זיינען זאט. מיר דארפען שוין גיין אין פאבריק.

ביידע מיידלאך האבן זיך אויפגעהויבן.

— באהאלט גוט דאס ביכעל, — האט געזאגט די, וואס האט זיך צוגעהערט צום לייענען.

שייקע האט זיך גענומען קריכען אויף צוריק.

— שטעל פיס, ברודערקע, — האט ער געגעבן דעם סיגנאל, און איידער די מיידלאך און די גערטנערקע האבן געהאט צייט זיך ארומצוקוקען זיינען ביידע גוטע פריינד פארשוואונדען פון גארטען.

— נו, וואס טוט מען אצינד? — האט משה, אדער בעסער געזאגט, זיין מאגען — ארויסגערעדט.

אבער שייקע האט אים ניט געענטפערט. מעגליך, אז ער האט אים אפילו ניט געהערט. זיין קאפ איז געווען פארנומען מיט אן אנדער פראגע: וואס אזוינס האבן די מיידלאך געלייענט? וואס מיינט דאס? וואס פאר א ביכעל איז דאס, וואס פאר א ווערטער זיינען דאס געווען?

— לאמיר גיין פון דאנען! — האט משה פארגעשלאגען.

אבער אויף מארגען ארום דער זעלבער צייט האבן זיך די צוויי פריינד ווידער באוויזן ביי דער אלטער, האלב אפגעברענטער טיר. ווידער שטילערהייד זיך אריינגעגנב'עט אין גארטען, ווידער דערזען פון ווייטען די זאפטיגע, אפעטיטליכע קאוואנעס און פרובירט צוקריכען צו זיי נענטער... און די צוויי יונגע מיידלאך זיינען דא ווידער געווען... דער טאפ מיט בולבעס איז ווידער געשטאנען אויף דער ערד, און א יונגע מעלאדישע שטים האט ווידער געלייענט...

— די סאלידאריטעט פון די ארבייטער... די מאשינען מוזען זיך געפינען אין די הענט פון די ארבייטער... די עקספלואטאציע פון די . . .

שייקע, וועלכער איז צוגעקראכען נענטער, האט זיך צוגעהערט. עס האט זיך אים אויסגעוויזען, אז היינט פארשטייט ער שוין א ביסעל מער... אז דער צוזאמענהאנג צווישען די ווערטער איז געווארען קלארער... ניט אינגאנצען קלאר, אבער פארט עפעס קען מען יא כאפען... אפשר איז דאס געווען דערפאר, וואס ער האט נעכטען דעם גאנצען אווענט געטראכט וועגן דעם...

ווען ניט דער מאגנעטישער ריח פון די אפגעקאכטע בולבעס וואלט שייקע אן ספק געקענט פארשטיין אלץ — אבער דער ריח האט געשלאגען אין קאפ און פארטויבט די געדאנקען.

— נו, וואס? — האט ער דערהערט פון הינטען די שטימע פון משה'ן, — מען קען שוין ווייטער גיין?

משה'ס אויגען זיינען געווען געווענדט צו די גרינע קאוואנעס, וואס זיינען היינט געווארען נאך אפעטיטליכער.

— שטעל פיס. יאשקע גייט! — האט שייקע פלוצים צוגעשושקעט צו אים, און אין א מינוט שפעטער זיינען ביידע שוין געווען אויף דער אנדערער זייט פון דער וואנט.

— איך זאג דיר: מיר פארלירען צייט. מיר וועלען די קאוואנעס קיינמאל ניט האבן! — האט משה ארויסגערעדט פארצווייפעלט.

— מיר וועלען! מארגען באשטימט!

— ווען ניט די מיידלאך פון דער פאבריק וואלטען מיר שוין לאנג זיי געקענט האבן. וואס לייענען זיי אזוינס?

— כ'ווייס? לייענען... ווילען וויסען...

משה האט א שוויג געטאן און נאכדעם אויסגעבורטשעט:

— זאג איך דאך: זיי ארבייטען — עסען זיי יעדען טאג בולבעס. מען צאלט דארט... שלעכט צו גוט, אבער מען צאלט... און די גערטנערקע קאכט פאר זיי בולבעס. אפשר פארט פרובירען גיין אין דער פאבריק. הא, שייקע? וואס?

דאס מאל האט שייקע גארניט געענטפערט.

אויף מארגען אין דער זעלבער צייט איז שייקע געווען אויף זיין פלאץ, אין גארטען, באהאלטען הינטער דעם בוים אין די קוסטעס. אבער דאס מאל איז ער געווען אליין, אהן משה'ן. זיין חבר איז פארשוואונדען. נו, איז אן משה'ן... וועט שייקע אליין אויפעסען די פינף קאוואנעס...

דער הימעל איז קלאר, די לופט איז פריש, עס שמעקט מיט אסיען־גראז און אפגעקאכטע בולבעס. א קליין פייערל ברענט אויף דער ערד און אין טאפ קאכען זיך די בולבעס. באלד וועלען זיי זיין פארטיג. די צוויי מיידלאך זיינען שוין דא און ווארטען, און די שווארצינקע לייענט. שייקע ליגט באהאלטען אין די קוסטעס און הערט זיך צו:

— פראלעטאריאט... ארבייטער פון דער גאנצער וועלט מוזען... נאר דורך זעלבסט ארגאניזירען קענען די ארבייטער...

דאס ווארט „פראלעטאריאט" איז פאר אים א ניי, אומבאקאנט ווארט. ווי מאדנע עס קלינגט. יא אידיש, און — ניט אידיש. עס האט אין זיך א מין צויבער... א מעלאדיע... עס מאכט איינעם צו דענקען... און פילען, אז ער איז מער ווי בלויז אן ארים, הונגעריג מענשעלע, וועלכער ווייס ניט וואס צו טאן מיט זיך...

יאשקע'ס ווייב באוויזט זיך אין דער טיר, נעמט ארונטער דעם טאפ פון דעם פייערל און שטעלט עס לעבען די מיידלאך... זיי פאנגען אן עסען. די גערטנערקע נעמט א זאק און גייט ווייטער. שייקע האט ניט קיין מורא פאר איר: וואס, מישטוינס געזאגט, קען זי שוין אים טאן? ער ליגט גוט און באקוועם באהאלטען, איין אויג אויף יאשקע'ס ווייב, דאס אנדערע אויף די מיידלאך. ער האט אבער געהאט א טעות טראכטענדיג אז די גערטנערקע קען אים גארניט טאן. זי קען שוין יא — און אויף א גאנץ פשוט'ן אופן: זי קומט צו נענטער צו די קאוואנעס — צו „זיינע" קאוואנעס, נעמט ארויס א מעסער און צושניידט זיי, איינס נאך דאס אנדערע — אלע פינף — דריי „זיינע", און צוויי משה'ס — און פאקט זיי אריין אין זאק. א סוף!

ניין, ניט קיין סוף. ווייל מארגען איז שייקע ווידער דא, אין די קוסטעס און הערט זיך צו צו דעם לייענען. ער וויל וויסען וואס וועט זיין ווייטער... ווי וועט דער פרא־לע־טא־ריאט קעמפען פאר זיין רעכט? ווי אזוי קען מען זיך ארגאניזירען? ווי אזוי קען מען זיך באפרייען פון נאוויק'ס עקספלואטאציע? און וועגן די מאשינען? און וועגן דער מאראל פון אלע וואס ארבייטען? און... און...

דער הימעל איז בלוי, די לופט שמעקט מיט פריש אפגעקאכטע בולבעס און מיט לעבען... האפנונג... דאס קליינע פייערל פלאקערט פון ווייטען. די גרינע, זאפטיגע קאוואנעס זיינען פארשוואונדען — אפשר טאקע בעסער אזוי... איצט איז דער קאפ פרישער געווארען און מען קען זיך צוהערען מיט מער קלארקייט צו דעם, וואס די מעלאדישע שטים פון דער פאבריק־מיידעל לייענט פון דעם פארבאטענעם ביכעלע...

## דער יונגער פאעט

### פון אברהם רייזען

(געווידמעט דעם דיכטער, מיין ליבען קאלעגע דניאל טשארני)

די ערשטע לידער
פון יונגען פאעט,
ווי בויגיגע גלידער
אין שטארקען געבעט.

ווי רויש פון קוואלען
פון ערדישער טיף;
ווי פריידיסיגנאלען
ביים אפגעהן פון שיף.

עס שטייגען ווערטער
ווי רוף־געקלאנג,
צו נייע ערטער,
מיט נייעם גאנג!

צו פרייע ברעגען
דורך ים, וואס שוימט;
דורך זון און רעגען —
מיט בליק פארטרוימט.

א קראפט באהאלטען
אין יעדען טאן;
אויף וועלט צו שאלטען
מיט נייער פאן;

און פרייהייט שפרייטען
אין יעדען ארט,
און ברעכען קייטען
מיט נייעם ווארט...

# אין דער אמעריקאַנער אַרבייטער־באַוועגונג

(איבערזיכט)
פון ש. פּ.



ביידע פליגלען פון דער געשפּאַלטענער טרייד־יוניאַן באַוועגונג אין אמעריקע האָבען דעם מאָנאַט אָפּגעהאַלטען זייערע יערליכע קאָנווענשאַנס. די אמעריקען פעדערײשאַן אָוו לייבאָר האָט געהאַלטען איר קאָנווענשאַן אין סינסינעטי, אָהייאָ, פון דעם 2טען ביז דעם 14טען אָקטאָבער, און דער קאָנגרעס אָוו אינדאָסטריעל אָרגאַניזיישאַנס האָט געהאַט זיין קאָנווענשאַן אין סאַן־פראַנציסקאָ פון דעם 10טען ביז דעם 14טען דעם זעלבען מאָנאַט.

קיין איבעראַשונגען זיינען ביי קיינע פון די צוויי קאָנווענשאַנס ניט פאָרגעקומען. נאָך איידער די קאָנווענשאַנס האָבען זיך געעפענט, האָט מען געוואוסט אין פאַראינטערעסירטע קרייזען די וויכטיגסטע פראַגען וואָס וועלען דאָרט פאַרהאַנדעלט ווערען און מען האָט זיך משער געווען ווי אַזוי די קאָנווענשאַנס וועלען האַנדלען איבער די פראַגען. מען האָט געוואוסט, אַז די וויכטיגסטע פראַגען וועלען זיין איבער פרידען אין דער טרייד־יוניאַן באַוועגונג און איבער דער שטעלונג פון די טרייד־יוניאַן קערפּערשאַפטען צום ניו דיל און זיינע אַגענטורען. פון ערפאַרונג און פון פריערדיגע באַמערקונגען פון די פירער פון ביידע אָרגאַניזאַציעס האָט מען געוואוסט, אַז קיין שלום און איינינקייט אין דער טרייד־יוניאַן באַוועגונג וועלען די קאָנווענשאַנס ניט ברענגען. מען האָט אויך געוואוסט, אַז כאָטש ביידע קאָנווענשאַנס וועלען זיך אַרויסזאָגען פריינדליך צו דער רוזוועלט אַדמיניסטראַציע, וועט אָבער קיינע פון זיי ניט אַרויסווייזען קיין צו גרויסע פריינדשאַפט צו מאַנכע קאָמיסיעס און האַנדלונגען פון דעם נייעם דיל אין דער לעצטער צייט.

אָבער דווקא דערפאַר וואָס עס זיינען ניט פאָרגעקומען קיינע סענזאַציעס ביי די קאָנווענשאַנס, האָבען זיך מער בולט אָנגעזען די געוויינליכע באַריכטען, דיסקוסיעס און רעזאָלוציעס וואָס זיינען דאָרט פאַרהאַנדעלט געוואָרען און אָט די באַריכטען און דיסקוסיעס האָבען געוואָרפען אַ שאַרפע ליכט אויף דעם אונטערשייד צווישען די צוויי פליגלען אין דער טרייד־יוניאַן באַוועגונג.

## ציפערען און באַהויפּטונגען

איבערלייענענדיג די באַריכטען פון דעם עקזעקוטיוו קאָונסיל פון דער פעדערײשאַן און פון פרעזידענט דזשאָהן ל. לואיס צו די צוויי קאָנווענשאַנס, וואַרפט זיך די ערשטע זאַך אין די אויגען דער אונטערשייד אין די מאַטעריאַלען וואָס די צוויי באַריכטען ענטהאַלטען. דער פעדערײשאַן באַריכט איז אָנגעפילט מיט פאַקטען און ציפערען; פאַקטען וועגען דעם וואוקס פון די פאַרשידענע יוניאָנס וואָס זיינען אָנגעשלאָסען אָן דער פעדערײשאַן; ציפערען וועגען דער פאַרגרעסערטער צאָל מיטגלידער אין יעדע אינטערנעשאַנעל יוניאָן און פאַרקלענערונג פון דער צאָל פעדעראַל לאָקאַלס; אַ גענויער פינאַנציעלער באַריכט וועגען די איינגאַמען פון דער פעדערײשאַן, די קוואַלען פון וואַנען די איינגאַמען זיינען אַריינגעקומען און די אויסגאַבען. די פאַקטען און ציפערען דינען אַלס באַשטעטיגונג פון איינער אויף דער צווייטער. דער צוואוואוקס אין די מיטגלידער פון דער פעדערײשאַן ווערען באַשטעטיגט פון דער סומע פער קעפּיטאַ וואָס איז געצאַלט געוואָרען פאַר יעדען מעמבער. ווען דער באַריכט זאָגט דעריבער, אַז אין אויגוסט האָט די פעדערײשאַן געהאַט 4,006,354 מיטגלידער, מיינט עס אַז פאַר אַזוי פיל מיטגלידער איז איינגעצאַלט געוואָרען פער קעפּיטאַ טעקס און די מיטגלידער זיינען דעריבער אמת'ע מיטגלידער פון זייערע יוניאָנס, וועלכע צאָלען דיוס.

גאַנץ אַנדערש איז דער באַריכט וואָס דזשאָן ל. לואיס האָט צוגעשטעלט צו דער קאָנווענשאַן פון דער סי. אַי. אָ. דער באַריכט איז אָנגעפילט מיט אַלגעמיינע באַהויפּטונגען, אָן וועלכע עס איז פאַקטען אָדער ציפערען. ער זאָגט דאָרט, אַז די סי. אַי. אָ. האָט אָנגעהאַלטען איר מאַכט טראָץ די שווערע צייטען. ווי פיל מיטגלידער אָבער זי האָט, איז די צאָל פאַרגרעסערט אָדער פאַרקלענערט געוואָרען דורך דעם לעצטען יאָר, זאָגט ער ניט. עס איז דאָרט אויך נישטאָ קיין ציפערן וועגען דער צאָל מיטגלידער אין יעדע פון די אָנגעשלאָסענע יוניאָנס; עס זאָגט זיך דאָרט, למשל, אַז עס איז איינגעשטעלט געוואָרען אַן אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטע אין די בילדינג טריידס מיט עטלאַכע לאָקאַלס וואָס זיי האָבען שוין פריער געהאַט און אַ באַדייטענדע צאָל לאָקאַלס זיינען געטשאַרטערט געוואָרען. ווי פיל — זאָגט זיך ניט.

דאָס זעלבע איז מיט די פינאַנסען. קיין פינאַנס־באַריכט פון איינגאַמען און אויסגאַבען דורכ'ן יאָר איז ניט צוגעשטעלט געוואָרען. אַנשטאָט דעם, דערקלערט דער באַריכט, אַז אויפ'ן ראַט פון זייער לאָיער האָבען זיי קיין פינאַנס באַריכט ניט פאַרעפענטליכט, ווייל עס זיינען פאַראַן אין געריכט קלאַגען וואָס פאָדערען שאָדען־ערזאַץ פון דער סי. אַי. אָ. איז דער תירוץ אַ גוטער. אַלס באַווייז אָבער פון דער גרויס און שטאַרקייט פון דער סי. אַי. אָ. קען עס ניט באַנוצט ווערען. פאַרקערט, דאָס באַשטעטיגט די באַהויפּטונג פון בעאָבאַכטער, ווי ב. סטאָלבערג, אַז די צאָל מיטגלידער וואָס די סי. אַי. אָ. האָט אָנגעגעבען אַז זי פאַרטרעט, איז זייער שטאַרק איבערטריבען.

## די שטעלונג פון די צוויי קאָנווענשאַנס צו דער פראַגע פון שלום

אויך די שטעלונג פון די צוויי קאָנווענשאַנס צו דער פראַגע פון אָפּשטעלען דעם ברודער־קריג און ברענגען פרידען און איינינקייט אין דער אמעריקאַנער טרייד־יוניאַן באַוועגונג האָט באַשטעטיגט די באַהויפּטונגען פון די יוניאַן פירער און בעאָבאַכטער, וועלכע האָבען ערקלערט אַז די שולד פאַר אָנהאַלטען און פאַרזעצען דעם קריג און צעשפּליטערונג פאַלט אויף דער סי. אַי. אָ., אַז לואיס וויל ניט קיין שלום.

פרעזידענט רוזוועלט האָט צו ביידע קאָנווענשאַנס געשיקט פאַקטיש די זעלביגע אויפפאָדערונג צו מאַכען אַ סוף צום ברודער־קריג און באַגייען די פאַרהאַנדלונגען פאַר פרידען. ער האָט אָנגעוויזען ווי נויטיג עס איז אַרבייטער איינינקייט ספּעציעל אין דער איצטיגער צייט. ענליכע אַפּעלס פאַר פרידען זיינען געמאַכט געוואָרען פון מעיאָר לאַ־גוואַרדיאַ ביי דער א. פ. אָוו לייבאָר, און פון גאָווערנאָר אַלסאָן ביי דער סי. אַי. אָ. דער אָפּרוף אָבער פון די צוויי צדדים, כאָטש אין אינהאַלט כמעט דער זעלביגער, איז אין גייסט און אין טאָן, גרונט פאַרשידען. פרעזידענט גרין האָט אויף רוזוועלט'ס אויפפאָדערונג גלייך געענטפערט, אַז די קאָמיטע וואָס איז ערווילט געוואָרען שטייט גרייט צו יעדער צייט צו באַגייען די פאַרהאַנדלונגען, ווען זי וועט נאָר קריגען די מעגליכקייט דערפאַר פון דעם צווייטען צד. די קאָנווענשאַן האָט אויך אָנגענומען אַ רעזאָלוציע אין זעלבען גייסט, געבענדיג פולמאַכט דער קאָמיטע פאָרצוזעצען די פאַרהאַנדלונגען פאַר פרידען. גאַנץ אַנדערש איז געווען די האַלטונג פון דער סי. אַי. אָ. אמת, אויך דאָרט איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציע איבערצולאָזען די פאַרהאַנדלונגען מיט דער פעדערײשאַן אין די הענט פון דער זעלביגער קאָמיטע, אָבער נעמענדיג אין אַנבאַטראַכט די רעדעס פון לואיסן און פון אַ פּאָר אַנדערע פירער פאַר און דורך דער קאָנווענשאַן, מוז מען קומען צום שלוס, אַז דער באַשלוס צו לאָזען עס אין די הענט פון דער קאָמיטע איז געווען בלויז לפּנים, ווייל מען האָט ניט געקענט אָפען צוריקווייזען פרעזידענט רוזוועלט'ס ווענדונג. אין דער אמת'ן אָבער ווילען זיי ניט און האָבען ניט בדעה צו ברענגען איינינקייט אין דער טרייד־יוניאַן באַוועגונג.

די פירער פון דער סי. אַי. אָ. האָבען אַפילו ניט געוואַרט ביז דער קאָנווענשאַן מיט'ן אויסדריקען זייער געגנערשאַפט צו אַ באַלדיגען שלום מיט דער א. פ. אָוו ל. נאָך איידער די קאָנווענשאַן איז געעפענט געוואָרען האָבען די וויכטיגסטע פירער אירע, מיט דער אויסנאַם פון פרעזידענט הילמאַן, זיך קלאָר און שאַרף אַרויסגעזאָגט געגען אַ באַלדיגען פרידען. דזשאָן בראָפי, לואיסעס רעכטע האַנט, האָט ביי דער קאַליפאָרניער סטייט קאָנווענשאַן פון די סי. אַי. אָ. יוניאָנס, וואָס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען פאַר דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשאַן געזאָגט: „מיר קענען זיך ניט פאַראייניגען אויף די באַדינגונגען וואָס די פירער פון דער א. פ. אָוו ל. שלאָגען פאָר, ווייל דאָס וועט מיינען די פאַרניכטונג פון דער סי. אַי. אָ. מיר קענען זיך ניט צוריקקערען צו אַ סיסטעם פון אינערלאַכע רייסערייען אין דער פעדערײשאַן, וועלכע האָבען געהאַלטען די אמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג הילפלאָז און ניט ווירקזאַם פאַר אַזאַ לאַנגער צייט. „פיליפּ מאָרעי און הערי ברידזשעס האָבען ביי דער זעלבער סטייט קאָנווענשאַן אויסגעדריקט ענליכע מיינונגען. לואיס אַליין האָט נאָך מיט עטליכע מאָנאַטען פריער געזאָגט, אַז פרידען מיט דער פעדערײשאַן קען ניט געשלאָסען ווערען אַזוי לאַנג ווי זי ווערט באַהערשט „פון אַ גרופּע אַלטע, זעלבסטזיכטיגע פירער".

אין זיין רעפּאָרט צו דער קאָנווענשאַן דערמאָנט ער אַפילו ניט די פרידענס פאַרהאַנדלונגען צווישען די קאָמיטעס, וועלכע ער אַליין האָט אָפּגעבראָכען פאַר איאָרען, אונטער'ן אויסרייד אַז איבער די פאַרהאַנדלונגען פאַר אַ נייעם אַגרימענט אין דער קוילען אינדוסטריע האָט ער ניט קיין מעגליכקייט פאָרצוזעצען די קאָנפערענצען. ביים שלוס פון דער קאָנווענשאַן האָט לואיס געגעבען אָנצוהערעניש, אַז ווייניגסטענס פאַר די נעקסטע פינף יאָר, גלויבט ער, וועט די סי. אַי. אָ. עקזיסטירען אַלס באַזונדערע אַרבייטער פעדעראַציע. ער האָט נביאות געזאָגט, אַז „אין פינף יאָר אַרום וועט די סי. אַי. אָ. קומען צו איר קאָנווענשאַן מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון צען מיליאָן".

## פאַרוואָס די סי. אַי. אָ. וויל ניט קיין פרידען און די רעזולטאַטען פון ברודער־קריג

די איינגעשפּאַרטקייט פון לואיסען און זיינע הויפּט געהילפען געגען אַ שנעלען פרידען מיט דער אמעריקען פעדערײשאַן אָוו לייבאָר שטאַמט ניט פון זייער שטאַרקייט, ווייל זיי גלויבען טאַקע אַז זיי קענען שנעל איבערוואַקסען די אמעריקען פעדערײשאַן אָוו לייבאָר און פאַרנעמען איר פּלאַץ, ווי לואיס זוכט צו מאַכען דעם איינדרוק. גאָר פאַרקערט, צוליב איר שוואַכקייט און דורכפאַל אין גאָר וויכטיגע געביטען דורך די לעצטע צוויי יאָר.

ביי דער קאָנווענשאַן האָט טאַקע לואיס אָנגעוויזען אויף דער פאַרגרעסערטער צאָל אַגרימענטס מיט פירמעס אין דער שטאָל אינדוסטריע. עס איז אָבער פאַר קיינעם קיין סוד ניט, אַז די אַגרימענטס זיינען ניט קיין קלאָוזד שאָפּ אַגרימענט און אין די גרעסטע פירמעס. אַפילו ניט קיין פּרעפערענשעל שאָפּ אַגרימענטס. די גרעסערע צאָל קאָנטראַקטען מיינט דעריבער ניט מער מיטגלידער אָדער גרעסערע איינקונפטען. אין דער אויטאָמאָביל אינדוסטריע איז כאָטש די סי. אַי. אָ. יוניאָן האָט אָן ספק, באַזיגט די מאַרטין גרופּע, האָט אָבער דער אינערליכער קאַמף שטאַרק אָפּגעשוואַכט די יוניאָן און געשניטען די מיטגלידערשאַפט זייער פיל. אין דער טעקסטיל אינדוסטריע, וואו די אמת'ע צאָל מיטגלידער איז קיינמאָל ניט געווען מער פון הונדערט טויזענט, זיינען אין די לעצטע צוויי יאָר קיין באַדייטענדע צאָל מיטגלידער ניט צוגעקומען. פאַרקערט, איבער דער אָפּשפּאַלטונג פון דער גאָרמאַן גרופּע און די טעטיגקייט פון דער א. פ. אָוו ל., צוזאַמען מיט די געריכט־פּראָצעסען, איז נאָך די צאָל וואָרשיינליך פאַרקלענערט געוואָרען. די מערסטע פון די אַנדערע יוניאָנס, וואָס זיינען אָנגעשלאָסען אָן דער סי. אַי. אָ., מיט דער אויסנאַם פון די מיינערס און די אַמאַלגאַמייטעד, האָבען קיינמאָל ניט געקענט שטיין אויף זייערע אייגענע פיס, און קענען עס איצט זיכער ניט.

לויט אַלע וואָרשיינליכקייטען איז טאַקע דאָס געווען די אורזאַך פאַרוואָס דער באַריכט צו דער סי. אַי. אָ. קאָנווענשאַן האָט זיך באַנוגענט מיט אַלגעמיינע באַהויפּטונגען און מיט אויפגעבלאָזענע ערפאָלגען אויפ'ן פּאָליטישען געביט, אַנשטאָט צו געבען פאַקטען און ציפערען פון דער צאָל מיטגלידער אין די יוניאָנס אָדער פינאַנסען. אונטער די אומשטענדען קריגט די פראַזע פון דזשאָן בראָפי, אַז „מיר קענען זיך ניט פאַראייניגען אויף די באַדינגונגען וואָס די פירער פון דער א. פ. ל. שלאָגען פאָר, ווייל דאָס וועט מיינען די פאַרניכטונג פון דער סי. אַי. אָ." אַ גאַנץ אַנדער באַדייטונג. די פירער ווייסען, אַז ווען עס זאָל פאָרקומען אַ פאַראייניגונג, מוזען זייערע יוניאָנס זיין אין אַ קליינער מינדערהייט ביי אַ קאָנווענשאַן וואו יעדער צד וועט זיין פאַרטראָטען לויט דער צאָל גוטשטייענדע מיטגלידער וואָס עס האָט, זיי ווייסען אַז די א. פ. אָוו ל. יוניאָנס האָבען מינדעסטעס דריי מאָל אַזוי פיל מיטגלידער ווי די יוניאָנס

וואס זיינען אנגעשלאסען אן דער סי. אי. א. זיין א מינדערהייט ווילען זיי נישט און זיי קענען דעריבער נישט איינגיין אויף א שלום.

דער ברודער־קריג וועט, אלזא, פארגעזעצט ווערען. און עס איז אויך זיכער אז דער קאמף צווישען די צוויי פראקציעס וועט ווערען שארפער און פארביסענער. יעדער צד וועט זוכען אריינצודרינגען אין די טריידס וואס דער געגנער קאנטראלירט; עס וועלען זיך פארמערען די יוריסדיקציע סטרייקס און באיקאטס; מיטגלידער פון איין יוניאן וועלען זיך אנטזאגען צו ארבייטען מיט מאטעריאלען וואס זיינען געמאכט פון מיטגלידער פון דער צווייטער יוניאן. די רעאקציאנערע כוואליע וואס האט שוין סיי ווי גענומען בושעווען אין לאנד געגען די ארבייטער וועט פיל פארשטארקט ווערען. די יוניאן פרעסער וועלען צוקריגען נייע ברעד־מאטעריאל דורך די יוריסדיקציע קאמפען. די גאנצע ארבייטער באוועגונג וועט באצאלען דערפאר א זייער טייערען פרייז.

## שטעלונג פון די קאנווענשאנס אין די אנדערע וויכטיגע פראגען

די שטעלונג פון די צוויי קאנווענשאנס צו אנדערע וויכטיגע פראגען, וואס זיינען דארט אויפגענומען געווארען, אויסער דער פראגע פון שלום, איז פאקטיש געווען די זעלבע. ביידע קאנווענשאנס האבען זיך שטארק ארויסגעזאגט געגען דעם אז אמעריקע זאל אריינגעצויגען ווערען אין דער מלחמה. די סי. אי. א. קאנווענשאן האט זיך ארויסגעזאגט פאר פרעזידענט רוזוועלט'ס פראגראם אין ענדערען דעם נייטראליטעט געזעץ און ארונטערנעמען דעם פארבאט אויף פארקויפען וואפען צו די קריגס־פירענדע לענדער. די א. פ. או ל. קאנווענשאן האט די פראגע פון ענדערען דעם געזעץ געלאזט אפען. עס זיינען דארט, שיינט עס, געווען וויכטיגע מיינונגס־פארשידענהייטען. די קאנווענשאן פון מעטאל־טריידס דעפארטמענט האט זיך ארויסגעזאגט פאר אפשאפען די עמבארגא. אנדערע זיינען געווען געגען דעם. די קאנווענשאן האט דעריבער קיין אפיציעלע שטעלונג צו דער פראגע ניט גענומען.

די נעשאנעל לייבאר רילישאנס באארד איז אטאקירט געווארען ביי ביידע קאנווענשאנס. אז די א. פ. או ל. איז געווען געגען דעם געזעץ ווי ער איז און נאך מער געגען דער באארד וואס פירט דורך דעם געזעץ, איז שוין קיין נייעס ניט. אבער אויך די סי. אי. א., וועלכע איז ביז דעם יאר געשטאנען שטאל און אייזען פאר דעם געזעץ און פאר דער אדמיניסטראציע, און האט באקעמפט יעדען פארזוך עס צו ענדערען אדער מאדיפיצירען, איז ביי דער קאנווענשאן ארויסגעטראטען ביטער געגען די לעצטע האנדלונגען פון דער לייבאר באארד. די אורזאך איז דאס וואס אין איניגע פאלען האט די באארד ענטשידען געגען דער סי. אי. א.

אין די אדמיניסטראציעס פון די צוויי פליגלען זיינען פארגעקומען וויכטיגע ענדערונגען. אין דער פעדערײשאן האבען די צוויי וויכטיגסטע בעאמטע נאכ'ן פרעזידענט, דער סעקרעטער־טרעזשורער פרענק מאריסאן, וועלכער האט דעם אמט אנגעהאלטען 43 יאר, און דער ערשטער וויס־פרעזידענט פרענק דאפי פון דער קארפענטערס יוניאן, זיך צוריקגעצויגען פון זייערע עמטער. אלס סעקרעטער־טרעזשורער איז ערוויילט געווארען דזשארדזש מיני פון ניו יארק, און דעם פלאץ פון ערשטען וויס־פרעזידענט האט פארנומען וו. ל. האטשעסאן, פרעזידענט פון דער בראדערהוד או קארפענטערס. אפיציעל האט עס געהייסען אז די צוויי פירער האבען זיך צוריקגעצויגען פון די עמטער איבער זייער הויכען עלטער. מאריסאן איז 79 יאר אלט און דאפי איז 77 יאר. אין דער אמת'ן זיינען דערביי אויך געווען פאליטישע מאטיוען. פרענק מאריסאן איז א מעמבער פון דער שריפטזעצער יוניאן, וועלכע איז באלד נאך דער קאנווענשאן סוספענדירט געווארען פון דער פעדערײשאן פאר אנטזאגען זיך צו צאלען דעם ספעציעלען טעקס וואס די פעדערײשאן האט ארויפגעלייגט אויף אלע אנגעשלאסענע יוניאנס פאר'ן קאמף געגען דער סי. אי. א. אין דער קארפענטערס יוניאן ווידער הערט ערווארטעט אז זיי וועט אויסקומען צו פירען דעם ביטערסטען קאמף געגען דעם פארזוך פון דער סי. אי. א. צו שאפען אן אפאזיציאנס יוניאן אין די בילדינג־טריידס. דאפי, האבען זיי מורא געהאט, איז צו אלט אנצופירען אזא ארבייט און האטשעסאן האט דעריבער אליין איבערגענומען די ארבייט.

אויך אין דער סי. אי. א. זיינען געמאכט געווארען וויכטיגע ענדערונגען אין דער אדמיניסטראציע. די צאל וויס־פרעזידענטען איז פארגרעסערט געווארען פון צוויי אויף זעקס. די מאכט פון דער גענעראל עקזעקוטיוו באארד, וואס באשטייט פון די פרעזידענטען פון אלע אינטערנעשאנעל יוניאנס, איז ארומגעשניטען געווארען און די גאנצע מאכט איז אריבער אין די הענט פון די אכט נאציאנאלע בעאמטע: פרעזידענט, זעקס וויס־פרעזידענטען און סעקרעטער־טרעזשורער. עס זיינען אויך איבערגעטאשט געווארען די וויכטיגסטע עמטער אין די פארשידענע דיסטריקטען. דער פאסיפיק קאוסט דיסטריקט, וואו הערי ברידזשעס איז געווען דירעקטאר, איז פאנאנדערגעטיילט געווארען אויף דרייען. ברידזשעס פארבלייבט אין קאליפארניע און דאלרימפעל און פראנסיס — אלס דירעקטארס אין ארעגאן און וואשינגטאן. אללען העיוואוד איז טרענספערירט געווארען נאך וואשינגטאן אלס הויפט פון די דירעקט אנגעשלאסענע לאקאלס און אדאלף גערמער פארנעמט זיין פלאץ אין ניו יארק.

פאר די, וואס זיינען ניט באקאנט מיט דער אינערליכער פאליטיק פון דער סי. אי. א., וועלען די ענדערונגען אויסזען ווי אדמיניסטראטיווע ענדערונגען, וועלכע האבען ניט קיין באזונדערע באדייטונג. לואיס האט טאקע געזוכט צו שאפען אזא איינדרוק. ער האט, למשל, געזאגט, אז די וואס באטראכטען די באגרענצונג פון ברידזשעס דיסטריקט אלס אן ארונטערזעצונג פון ברידזשעס, מאכען א טעות". די אבער וואס ווייסען יא וואס עס גייט אן הינטער די פאליטישע קוליסען, ווייסען אז דא איז געמאכט געווארען א וויכטיגע אפעראציע. דורך די ענדערונגען איז דער קאמוניסטישער איינפלוס אין דער סי. אי. א שטארק איינגעצאמט געווארען. די אכט הויפט בעאמטע, וועלכע האבען איצט די גאנצע דעה אין דער ארגאניזאציע, זיינען אויסגעשפראכענע אנטי־קאמוניסטען. דער פארזוך צו קריגען כאטש איינעם פון זייערע (דזשאזעף קאראן) אלס איינעם פון די וויס־פרעזידענטען, איז דורכגעפאלען. מען ווייס אויך אז די מאכט פון ליע פרעסמאן, דער לאיער פון דער ארגאניזאציע, און לען דע־קא, רעדאקטאר פון זייער אפיציעלען ארגאן, ביידע קאמוניסטישע מיטלויפער און פארטיידיגער, איז שטארק געפאלען און זיי וועלען מעגליך באזייטיגט ווערען.

## יוריסדיקציע־קאמפען ווערען שטארקער

סימנים פון דעם פארשטארקטען קאמף צווישען דער סי. אי. א. און א. פ. או ל. יוניאנס האבען זיך שוין באוויזען סיי אין די באשלוסען פון די קאנווענשאנס און סיי אין אפענע יוריסדיקציע־קאמפען אין פארשידענע פלעצער. אבער אחוץ דעם קאמף צווישען די צוויי פליגלען, זיינען אויך באנייט און פארשטארקט געווארען פארשיידענע יוריסדיקציע־סכסוכים צווישען יוניאנס אינערהאלב דער פעדערײשאן.

דער ערשטער שארפער צוזאמענשטויס איז דעם מאנאט פארגעקומען צווישען דער סענדוויטש ארבעטער יוניאן, אן אפטיילונג פון דער ריטייל און האלסייל עמפלאיס פון דער סי. אי. א., און דער ווייטערס יוניאן. פיקעטס פון ביידע יוניאנס, איינע געגען דער אנדערער, זיינען אוועקגעשטעלט געווארען נעבען סיגעלס רעסטאראן אויף 38טע סטריט אין ניו יארק, און נעבען דעם „סילווער פלאטער רעסטאראן" אויף פינפטע עוועניו. דער לעצטער האט אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט דער סי. אי. א. יוניאן, כאטש דארט איז פאראן אויסער א „קאונטער", אויף וועלכען די סענדוויטש ארבייטער יוניאן מאנט יוריסדיקציע, אויך א רעגולערער רעסטאראן, אויף וועלכען די ווייטערס יוניאן האט א חזקה. די ווייטערס יוניאן האט דעריבער אוועקגעשטעלט פיקעטס ארום דעם פלאץ. אפצורעכענען זיך מיט דער ווייטערס יוניאן פאר דער האנדלונג, האט די סענדוויטש ארבייטער יוניאן געשטעלט פיקעטס ארום סיגעל'ס רעסטאראן, וועלכער האט אן אגרימענט מיט דער ווייטערס' יוניאן פאר די לעצטע 15 יאר. עס איז גאנץ מעגליך, אז אט דער קאמף זאל זיך פארשפרייטען אויף אלע רעסטאראנען און קאפעטעריאס אין דעם שטאט־טייל.

דער קאמף צווישען דער פעדערײשאן און דער סי. אי. א. וועט קענטיג אין גיכען אויך פארשארפט ווערען אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע. ביי דער קאנווענשאן פון דער פעדערײשאן איז איינשטימיג גוטגעהייסען געווארען דער טשארטער, וואס דער קאונסיל האט ארויסגעגעבען צו דער אפגעשפאלטענער גרופע פון דער יונייטעד טעקסטיל ווארקערס יוניאן און עס איז אנגענומען געווארען א רעזאלוציע צו שטיצען מיט אלע מעגליכקייטען דער יוניאן אין איר ארגאניזאציאנס־טעטיגקייט. דאס מיינט נאטירליך א פארשארפטער קאמף מיט דער טעקסטיל ארבייטער יוניאן פון דער סי. אי. א.

דאס מערקווירדיגסטע דערביי איז, וואס פארלויפיג האט די קאנקורענץ צווישען די צוויי יוניאנס אין דער זעלביגער אינדוסטריע געטריבען דערצו, וואס ביידע האבען אנגעהויבען א קאמפיין צו העכערען די שכירות פון די ארבייטער. די א. פ. או ל. יוניאן האט אנגעהויבען א קאמפיין פאר א העכערונג פון צוואנציג פראצענט אויף די שכירות. מיט א פאר טעג שפעטער האט די סי. אי. א. יוניאן פארלאנגט פון די וואלען מיל אייגענטימער א העכערונג אויף די שכירות פון די ארבייטער אויפ'ן גרונט וואס לעבענס־מיטעל איז טייערער געווארען.

אינערהאלב דער א. פ. או ל. איז דער יוריסדיקציע־סכסוך צווישען די ברויערי ארבייטער און די טימסטערס דערגאנגען צו א קריזיס, וואס קען האבען ווייט־גרייכענדע קאנזעקווענצען. דער יוריסדיקציע־קאמף צווישען די טימסטערס און די ברויערי ארבייטער איבער די דרייווערס פון ביר־טראקס ציט זיך שוין ארום דרייסיג יאר. די ברויערי ארבייטער יוניאן איז אן אינדוסטריעלע יוניאן, איינגעשלאסן די טראק־דרייווערס, סטיישאנערי אינזשינירען, פייערלייט און די איינפאכע ארבייטער. די אנדערע פאך־אינטערנעשאנאלס האבען די אלע יארען געפאדערט, אז די ארבייטער פון זייערע פאכען זאלען טראנספערירט ווערען צו זיי, אבער די ברויערי ארבייטער יוניאן האט די פאדערונגען אנטזאגט. דעם שטארקסטען קאמף האט אנגעפירט די טימסטערס אינטערנעשאנאל. אין 1933 האט די קאנווענשאן פון דער פעדערײשאן באשלאסען, אז די טראק־דרייווערס דארפען געטרענספערט ווערען צו דער טימסטערס יוניאן, און די ברויערי אינטערנעשאנאל האט זיך אנטזאגט אויסצופאלגען דעם באשלוס. אין איניגע שטעדט זיינען אנטשטאנען בלוטיגע קאמפען צווישען די צוויי יוניאנס. ענדליך האט די ברויערי יוניאן זיך געווענדט אין געריכט און האט דאס יאר ארויסגעקראגען אן אינדזשאנקשאן געגען דער פעדערײשאן און דער בראדערהוד או טימסטערס. דער אינדזשאנקשאן איז זייער א ווייטגייענדער. אויב די אנטשיידונג זאל בלייבען, פארלירט די פעדערײשאן דאס רעכט צו אנטשיידען אין פראגען פון יוריסדיקציע צווישען צוויי אנגעשלאסענע יוניאנס. זי קען בלויז פארמיטלען צווישען זיי, אבער איר פסק־דין איז ניט ביינדענד. נאטירליך האט די פעדערײשאן אפעלירט געגען דעם אורטייל אין א העכערען געריכט. דערווייל אבער זוכען די יוניאן־פירער צו סעטלען דעם סכסוך דורך א פשרה. אויב עס זאל זיי ניט געלינגען, וועט די ברויערי ארבייטער אינטערנעשאנאל ווארשיינליך סוספענדירט ווערען פון דער פעדערײשאן און דער קאמף וועט אנגעפירט ווערען אין די גאסען.

א קאמף איז ביי דער קאנווענשאן פון דער פעדערײשאן אויך אויסגעבראכען איבער דעם אינדוסטריעלען טשארטער, וואס די פעדערײשאן האט ארויסגעגעבען צו די צעמענט־ארבייטער. די פירער פון די בילדינג טריידס יוניאנס זיינען געווען שטארק אומצופרידען דערמיט. אויב זיי זיינען געצוואונגען צו מאכען הנחות צום געדאנק פון אינדוסטריעלען יוניאניזם אין די מאסען־פראדוקציע אינדוסטריען, ווילען זיי אבער ניט דערלאזען דערצו אין די אינדוסטריען וואס זיינען פארבונדען מיט זייערע אייגענע בילדינג־טריידס. זיי האבען א פנים מורא, אז די ארבייטער אין די טריידס זאלען זיך נאך, חלילה, ניט אנשטעקען מיט דער קרענק.

## יוריסדיקציע סטרייקס אין די בילדינג טריידס

טראץ דעם אפמאך, וואס איז מיט איניגע מאנאטען צוריק געשלאסען געווארען, אז קיין סטרייקס זאלען ניט גערופען ווערען איבער יוריסדיקציע סכסוכים צווישען יוניאנס אין די בילדינג־טריידס, זיינען דאך דעם מאנאט גערופען געווארען צוויי סטרייקס אין ניו יארק אויף גרויסע געביידעס איבער אזא סכסוך.

איין סטרייק איז פארגעקומען אויף דעם 40־מיליאן דאלארדיגען בוי־פראיעקט פון דער מעטראפאליטען אינשורענס קאמפאני אין די בראנקס. דער קאמף האט זיך אנגעהויבען איבער א יוריסדיקציע־סכסוך צווישען די קארפענטערס און האד־קעריערס. ווען דער סכסוך איז געסעטעלט געווארען, האבען די סטיישאנערי אינזשינירען גערופען א סטרייק איבער דעם וואס אין הויף פון דעם קאנטראקטאר איז באשעפטיגט געווארען א ניט־יוניאן ארבייטער אויף א הויב־מאשין. די ארבייט אויף די געביידעס איז איבער דעם סכסוך אפגעשטעלט געווארען פאר א וואך צייט.

א צווייטער סטרייק איז פארגעקומען אויף דער געביידע פון דער מידוואוד הײ־סקול אין ברוקלין. און ווידער איבער א סכסוך צווישען די קארפענטערס און האד־קעריערס. דער סכסוך איז געווען איבער דעם.

ווער פון די צוויי סארטען ארבייטער דארף מאכען די פורעמס פאר די קאנקריט. די פראגע איז שוין איין מאל געסעטעלט געווארען דורך א פשרה. די ארבייט איז צוטיילט געווארען צווישען די מיטגלידער פוןביידע יוניאנס. די האד־קעריערס איז געגעבען געווארען דאס ברענגען די פורעמס צום פלאץ און אריינשטעלען זיי אין די גראבענס, און די קארפענטערס — דאס צוזאמענשרויפען זיי און פארענדיגען. טראץ דעם אפמאך, האבען די קארפענטערס געווארפען די ארבייט ווען די האד־קעריערס האבען געבראכט די פורעמס. אום אויסצומיידען א סטרייק, האט דער סופעראינטענדענט צוגעשטימט, אז די קארפענטערס זאלען טאן די ארבייט. די האד־קעריערס האבען אבער דערויף געענטפערט מיט א סטרייק.

אט די יוריסדיקציע־סטרייקס אין די בילדינג־טריידס זיינען אן אמת'ע געפאר ניט נאר פאר די באטרעפענדע אינטערנעשאנאל יוניאנס נאר פאר די ארגאניזירטע ארבייטער־באוועגונג אין אלגעמיין. דער גאנצער יוניאן־געדאנק ווערט פאר'מיאוס'ט ביים עולם. אט דער ווידערווילען צו די סטרייקס שפיגעלט זיך שוין אפ אין דער באציהונג פון רעגירונגס־פארטרעטער און געריכטען צו די יוניאנס. אין וואשינגטאן האט א גרענד דזשורי אנעקלאגט די פירער פון א טימסטער לאקאל אין קאנספיראציע פאר רופען א סטרייק אין א יוריסדיקציע־סכסוך מיט דער אינזשינירס אינטערנעשאנאל. אין סט. לואיס, קליוולאנד און ניו יארק זיינען איינגעשווארען געווארען דזשוריס, וואס זאלען אונטערזוכען „רעקעטירינג" אין דער בוי־אינדוסטריע און יוריסדיקציע־סטרייקס. וואס דאס מיינט, דארף מען די ארבייטער ניט דערציילען. עס לאזט זיך אלע מאל אויס צו די קעפ פון די ארבייטער און זייערע יוניאנס. די יוניאן פירער ווייסען עס זייער גוט, ווי עס באווייזט דער פראטעסט וואס די פעדערעישאן־קאנווענשאן האט אוועקגעשיקט צו אטוירני דזשענעראל מוירפי פאר אויסנוצען די אונטערזוכונג געגען מאנאפאל־פראקטיק אין דער בוי־אינדוסטריע צו אטאקירען די יוניאנס. עס ווייזט אבער אויס, אז פון אן אלטער געוואוינהייט איז שווער זיך צו באפרייען. די יוריסדיקציע־שטרייטען זיינען שוין אזוי אריין אין בלוט פון מאנכע יוניאן־פירער, אז זיי קענען זיך מער ניט צוריקהאלטען.

### דער סטרייק אין דער אויטא־אינדוסטריע

א שארפער קאמף האט זיך דעם מאנאט אנטוויקעלט אין די פאבריקען פון דער קרייזלער אויטאמאביל קאמפאני. די יוניאן באשולדיגט, אז עס איז א לאקאוט, און די קאמפאני באשולדיגט די יוניאן אין סאבאטאזש. עס האלט איצט ביי אן אלגעמיינעם סטרייק אין די אלע פאבריקען.

אנגעהויבען האט זיך דער סכסוך באלד נאכדעם ווי די סי. אי. א. אויטא־ארבייטער יוניאן האט געוואונען מיט א גרויסער מאיאריטעט די אפשטימונג פון דער לייבאר באארד סוף לעצטען מאנאט. די סי. אי. א. יוניאן האט אין דער אפשטימונג געקראגען 40,552 שטימען און די א. פ. ל. יוניאן בלויז 4,673; די סי. אי. א. יוניאן האט געוואונען א מאיאריטעט אין עלף פאבריקען און די א. פ. אוו ל. אין איינעם. אין די 11 פאבריקען איז דעריבער די סי. אי. א. אויטא־יוניאן אנערקענט געווארען אלס די איינציגע פארטרעטערין פון די ארבייטער.

נאך דער אפשטימונג, האט די יוניאן זיך גענומען פארהאנדלען מיט דער קאמפאני פאר א נייעם אגרימענט אויפ'ן פלאץ פון דעם, וואס איז אויסגעגאנגען אין סעפטעמבער. די פארהאנדלונגען האבען זיך געצויגען ווי פון פעך. מען האט צו קיין אפמאך ניט געקענט קומען. די הויפט שוועריגקייט, שיינט עס, איז געווען וואס די יוניאן האט געפאדערט א דעה איבער דער שנעליגקייט מיט וועלכער די קאנווייערס זאלען געטריבען ווערען. די ספיד־אפ צרה איז אן אלטע אין דער אויטאמאביל־אינדוסטריע. די פארלייט זוכען צו פארגרעסערען די שנעליגקייט פון די קאנווייער בעלטס צו צווינגען די ארבייטער ארויסצוציאגען פון זיך די נשמה. די ארבייטער ווילען נאטירליך א דעה אויף דער שנעלקייט. די קאמפאני אבער וויל אט די פאדערונג ניט נאכגעבען.

אין מיטען פון דעם מאנאט האט די קאמפאני פלוצלונג געשלאסען די פאבריקען אירע, באשולדיגענדיג די יוניאן אז זי האט אומיסטען געהייסען די ארבייטער פארלאנגזאמען די ארבייט. די יוניאן לייקענט עס. די פירער באהויפטען, אז די קאמפאני האט אזוי פארשנעלערט די ארבייט, אז די ארבייטער קענען עס מער ניט נאכקומען און איבער דעם קומען ארויס די אלע שווע־

ריגקייטען. די יוניאן האט דערווילע גענומען א סטרייק־אפשטימונג. פארשיידענע פארמיטלער פון סטייט און פון דער פעדעראלער רעגירונג ארבייטען איצט צו שליכטען דעם סכסוך.

### וויכטיגע סטרייקס און סעטעלמענטס דעם מאנאט

א מערקווירדיגער סטרייק איז דעם מאנאט געסעטעלט געווארען אין מישיגען — א סטרייק, אין וועלכען די ארבייטער זיינען די גאנצע צייט געבליבען ביי דער ארבייט און האבען פאר קיין איין מינוט ניט געסטאפט.

דער סטרייק איז געווען פון די אנגעשטעלטע אין די עלעקטרישע סטאנציעס פון דער קאנסומערס פאוער קאמפאני, וועלכע שטעלט צו עלעקטרישע קראפט צו א גרויסער צאל שטעט און שטעטלאך אין סאגינא וואלי, מישיגען.

דער סטרייק האט אנגעהאלטען 13 טעג. די יוניאן האט אפיציעל דערקלערט א סטרייק, זי האט אבער געהייסען די ארבייטער פארבלייבען און אנגיין מיט זייער ארבייט. זי האט בלויז יעדעס מאל געסטראשעט, אז אט־אט וועלען די ארבייטער אוועק און אפשניידען די עלעקטרישע קראפט פון די צוויי מיליאן היימען און פאבריקען. די ארבייטער האבען דעם סטרייק געוואונען.

דער סטרייק אין די נעש אויטא־פאבריקען אין קענאשא און מילוואקי, וויסקאנסין, איז געסעטעלט געווארען. דער סטרייק האט אנגעהאלטען איבער דריי וואכען. ארום 3,300 ארבייטער האבען זיך באטייליגט אין סטרייק.

דער סטרייק פון די ארבייטער אין די צוויי צוקער־פאבריקען אין עדזשוואטער און לאנג איילאנד, וואס איז גערופען געווארען אין מיטען אויגוסט איבער דער פראגע פון קלאוזד יוניאן שאפ, איז דעם מאנאט געסעטעלט געווארען מיט א קאמפראמיס. די אלטע ארבייטער, וואס ווילען ניט באלאנגען צו דער יוניאן, ווערען ניט געצוואונגען דערצו. נייע ארבייטער אבער דארפען זיך אנשליסען אן דער יוניאן נאכדעם ווי זיי ארבייטען אין פלאץ צוויי וואכען.

די ניו יארקער ענגלישע שריפטזעצער יוניאן האט מיט א מאיאריטעט גוטגעהייסען דעם נייעם אגרימענט מיט די פאבלישערס, און דער אגרימענט פאר צוויי יאר איז אריין אין קראפט דעם 15טען אקטאבער. דער נייער אגרימענט גיט די ארבייטער א העכערונג אויף די שכירות און צום ערשטען מאל אין דער געשיכטע — וואקיישאן מיט געצאלט. א גרויסע צאל מיטגלידער האבען געשטימט געגען אננעמען דעם אגרימענט, ווייל זיי האבען ניט געקראגען די קירצערע שטונדען וואס זיי האבען געפאדערט.

די טשיילדס רעסטאראנט ארבייטער האבען באנייט דעם אגרימענט מיט דער קאמפאני פאר צוויי יאר, קריגענדיג א העכערונג פון 1 דאלאר א וואך פאר די קיך־אנגעשטעלטע.

די ווינדאו קלינערס יוניאן האט באנייט דעם אגרימענט מיט די בעלי בתים מיט פארבעסערונגען. די שכירות זיינען געהעכערט געווארען צו 42 דאלאר פאר א 40 שטונדיגער וואך. די ארבייטער האבען אויך געקראגען א וואך וואקאציע מיט געצאלט און ניין באצאלטע געזעצליכע ימים טובים אין יאר.

---

## אלע אינטערנעשאנעל לאקאלס פון נו־יארק וועלען שטיצען לייבאר פארטיי קאמפיין מאראליש און פינאנציעל.

אלע לאקאלס פון דער אינטערנעשאנאל, אין ניו יארק, האבען זיך ענטוזיאסטיש אריינגעווארפען אין דעם קאמפעין צו העלפען מיט אלע מעגליכקייטען דער אמעריקען לעיבאר פארטיי און אירע קאנדידאטען אין היי־יאריגען עלעקשאן. דאס איז קלאר געווארען ביי דעם ספעציעלען קאנפערענץ פון מענעדזשערס פון די לאקאלס פון דער אינטערנעשאנאל וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין קאונסיל רום פון דער אינטערנעשאנאל אין 3 וועסט 16טע סטריט.

אלע מענעדזשערס פון די אינטערנעשאנאל לאקאלס אין שטאט זיינען אנוועזענד געווען ביים קאנפערענץ. די שטימונג צווישען זיי איז געווען א מונטערע. עס האט זיך געמערקט אן אויפלעבונג און גלויבען אין די דערגרייכונגען פון דער אמעריקאן לעיבאר פארטיי און אירע אויסזיכטען אין די עלעקשאנס.. די אלע אנוועזענדע ביים קאנפערענץ האבען באשלאסען איינשטימיג צו שטיצען די אמעריקען לעיבאר פארטיי אין היי־יאריגען קאמפעין מאראליש און פינאנציעל.

ביים קאנפערענץ איז באריכטעט געווארען אז די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאנאל אין גאנצען שטאט ווייזען ארויס גרויס אינטערעס אין דעם קאמפעין. טויזענדער פון זיי האבען געענטפערט דעם רוף פון דער יוניאן און זיך ענראלט אין דער לעיבאר פארטיי אום צו קענען קאנטראלירען דעם שיקזאל פון דער פארטיי און איר פארוואלטונג.

די פארוואלטער פון די לאקאלס האבען אויסגעדריקט זייער זיכערקייט אז די לעיבאר פארטיי וועט ווידער ערוויילען אלע אירע קאנדידאטען פארן סיטי קאונסיל און די ריכטער קאנדידאטען אין אלע בארא'ס. זיי האבען זיך אויך פארפליכטעט צו זען פארשטארקען די פארטיי ארגאניזאציע אין אלע אסעמבלי דיסטריקטס און אין די פארשידענע קלובען.

---

## פאבער :–: :–: פון נתום יוד.

### דער טייך

סוף־זומער איינמאל אין א רויטליכען פארנאכט,
האט זיך דער בוים, פארטראכט,
גע'סוד'עט מיט דעם טייך, וואס איז געלעגען,
ווי א באשיינטער שפיגעל, שטיל אין זיינע ברעגען:
— „ווי שיין, א טייך, ווי וואונדערליך ביזט דו
אין דיין סוף־זומערדיגער רו!
דו ווייסט גאר ניט מיט וויפיל דו ביזט איצטער שענער
ווי אין די פרילינג־טעג,
ווען הויך אן אויפגעשלאגענער פון ברעג צו ברעג,
האסט דו אין זיך געטראגען אבפאל, מיסט און שפענער...
ערשט איצטער,
ווען דו ביזט אומעטיג, פארטראכט,
איצט שפיגעלסט דו דאך אפ אין זיך די גאנצע פראכט
פון הימעל! פון די שטערען אין דער נאכט!"...
— „יע, יע, — האט קוים דער טייך צום בוים געפליסטערט, —
איך בין איצט שיין, קאן זיין,
א דורכגענומענער מיט אומעט און מיט שיין, —
דאך בין איך שוין פארטאן אין ווינטערדיקן דרימעל...
אין פרילינג אבער, ווען איך שוים און ברויז,
און רייס זיך פון די ברעגען אויס —
וואס גייט מיך דעמאלסט אן דער הימעל;"

# פונ׳ם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטער־לעבען

פון דר. יוסף קיסמאַן.

### די טרייד־יוניאָנס אין דער מלחמה



ידער גיסט זיך בלוט אין איראָפּע. ענגלאַנד און פראַנקרייך, וואָס זיינען אַרויס אין מלחמה געגען נאַציזם, פאַרמאָגען די שטאַרקסטע יוניאָן־באַוועגונג אין איראָפּע. איבער נאַכט האָט זיך געביטען דאָס אויסזען פון די אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס. טענות און קריוודעס פון איינצעלנע אָרגאַניזאַציעס צו איינצעלנע אינדוסטריעלע אונטערנעמוגען זיינען — אויב נישט פאַרשטומט, טאַ פאַרט אָפּגעלעגט געוואָרען דערווייל אויף שפּעטער. גאַר שטאַרק האָט זיך אָבער געביטען די שטעלונג פון אָרגאַניזירטער אַרבייט, אין בריטען פאַרנעם, געגענאיבער די רעגירונגען. פאַראַן איצט נאָך איין אַלגעמיינע זאָרג, וואָס שטייגט אַריבער אַלע אַנדערע אינטערעסען — די מלחמה.

די פּראָדוקציע אין די מלחמה־לענדער אַרבייט, פאַרשטייט זיך, מיט פולער פאַרע פאַר׳ן פראָנט. דאָס גאַנצע טראַנספּאָרט־וועזען אַרבייט ווידער — פאַר׳ן פראָנט. במילא איז דערפון געדרונגען, אַז די אַרבייטער זיינען — סאָלדאַטען. צי זיי שטייען טאַקע אין דער פייער־ליניע און שלאָגען זיך מיט׳ן שונא, צי זיי אַרבייטען אין פאַבריק פאַר׳ן מלחמה־געברויך, ווערען זיי אַלע אַנגענומען פאַר סאָלדאַטען, ד. ה. אַז אונטער מיליטערישער אַנפירונג געפינט זיך די גאַנצע נאַציאָנאַלע פּראָדוקציע און אונטער מיליטערישער קאָמאַנדע שטייען די אַרבייטער, אַלע, מענער און פרויען, נישט געקוקט אויף זייערע ציווילע קליידער.

ס׳איז קלאָר, אַז די נאָרמאַלע מיטלען פון טרייד־יוניאָניסטישען קאַמף פאַר׳ן פאַרבעסערען די אַרבייטס־באַדינגונגען, קענען איצט נישט אָנגעווענדט ווערען. ספּעציעל איז סטרייק, אונטער׳ן רעזשים פון קריגס־רעכט, דאָס אייגענע ווי — רעוואָלט. פון דעסטוועגען האָבען די יוניאָנס אויך אונטער די איצטיגע באַדינגונגען אַ פּרוכטבאַרע אַרבייט־מעגליכקייט און אַ ברייט פעלד פון טעטיגקייט. פאַרקערט די איצטיגע אומשטענדען האָבען די יוניאָנס נאָך צוגעגעבען אַ ריי נייע אויפגאַבען צו זייער ביז איצטיגער טעטיגקייט.

אויב די רעגירונגען האָבען די מאַכט צו דיקטירען די אַרבייטס־באַדינגונגען מיט׳ן כח פון דער מיליטערישער דיסציפּלין, וועלכער ס׳זיינען אונטערגעוואָרפען די אַרבייטער, זיינען זיי אָבער אין דער אייגענער צייט אינטערעסירט אין לעבען אַריין, נישט אַרויסצורופען קיין קאָנפליקטען אין דער איצטיגער געפערלאַכער צייט. די יוניאָנס פירען פאַרהאַנדלונגען וועגען אַרבייטס־צייט און לוין אַזוי ווי פריער אין שלום־צייטען און דערגרייכען וויכטיגע פאָדערונגען אָן קאַמף. די יוניאָנס האָבען אָבער אויך איבערגענומען די אויפגאַבע צו שטיצען די פאַמיליעס פון זייערע מאָביליזירטע מיטגלידער, צו באַשיצען זייערע רעכט אויף רעגירונגס־שטיצע און צו אָרגאַניזירען פאַר זיי הילף אויף אַלע געביטען.

אין אַלגעמיין איז אָבער די לאַגע פון די יוניאָנס אַ שווערע. וויכטיגע טוערס פון די צענטראַלע פאַרוואַלטונגען און פון אַלע לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס זיינען אַוועק צום פראָנט. די צענטראַלע פאַרוואַלטונגען מאַכען די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו פאַרהיטען אַ דעזאָרגאַניזאַציע. אין דער פראַנצויזישער און אין דער ענגלישער אַרבייטער־פּרעסע דרוקען זיך דרינגענדע אויפרופען צו די אָרגאַניזאַציעס איבער׳ן לאַנד, אַוועקצושטעלען נייע באַאַמטע אויפ׳ן אָרט פון די מאָביליזירטע, נישט נאָכצולאָזען אין זייער פיליזייטיגער טעטיגקייט איינצוהאַלטען די פּאָזיציעס, וואָס די אָרגאַניזירטע אַרבייט האָט דערגרייכט אין יאָרען־לאַנגע קאַמפען. זיי דערמאָנען די אַרבייטערשאַפט נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, אַז די טרייד־יוניאָנס זיינען לעבענס־וויכטיגע אינסטיטוציעס אין מלחמה־צייט און פון נאָך אַ גרעסערער באַדייטונג פאַר דער צייט, וואָס וועט קומען נאָך דער מלחמה.

### אַ מאַניפעסט פון דער פראַנצויזישער אַרבייטס־פעדעראַציע

באַלד נאָכדעם ווי ס׳איז אויסגעבראָכען די מלחמה, האָט די צענטראַלע קאָמיסיע פון די פראַנצויזישע יוניאָנס פאַרעפנטליכט אַ מאַניפעסט צו אירע מיטגלידער און צו דער ברייטער אַרבייטער־עפנטליכקייט. אין דעם מאַניפעסט ווערט געזאָגט, אַז די אַרבייטס־פעדעראַציע האָט געאַרבייט פאַר׳ן דערהאַלטען דעם שלום ביז צום לעצטען מאָמענט. זי האָט אַלץ געטאָן, וואָס ס׳איז געווען אין אירע כחות אַלס אַ מאַסען־אָרגאַניזאַציע פונ׳ם פראַנצויזישען אַרבייטער־קלאַס. די שלום־שטרעבונגען פונ׳ם אַרבייטער־קלאַס האָבען זיך אָבער נישט איינגעגעבען און איצט ווערען גערופען די יוניאָנס צו דערפילען זייערע אויפגאַבען אונטער די שווערסטע באַדינגונגען.

עס ווערט אונטערגעשטראָכען די נאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פון די אַרבייטער. די דאָזיגע סאָלידאַריטעט מוז אָבער געפינען איר וויכטיגסטען אויסדרוק אין ברידערליכער הילף פאַר די פרויען און קינדער פון די חברים, וואָס זיינען גערופען געוואָרען אין מלחמה־דינסט. די הילף וועט אָרגאַניזירט ווערען לויט אַ פּלאַן, וועלכער ווערט אויסגעאַרבייט פון דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג. די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס ווערען גערופען, ווי צום גיכסטען אויסצופילען די ליידיגע פּלעצער פון די מאָביליזירטע יוניאָן־פונקציאָנערען.

ווי ווייט עס וועט זיך איינגעבען אין פראַנקרייך צו דערהאַלטען די יוניאָן־באַוועגונג אין איר ביז איצטיגען פאַרנעם, איז שווער פאָראויסצוזאָגען. דער ערשטער זיכטבאַרער סימן פון אָפּשוואַכונג איז שוין געקומען, נאָך עטליכע וואָכען מלחמה. דער צענטראַלער אָרגאַן פון די יוניאָנס, „לע פּעפּל”, וועלכער איז ביז איצט אַרויסגעגאַנגען אַלס אַ טעגליכע צייטונג, איז רעדוצירט געוואָרען אויף אַ האַלב־מאָנאַטשריפט. אמת, דאָס וואָרט פון די יוניאָנס איז נישט פאַרשטומט, אַפילו ווען זייער פּרעסע־אָרגאַן רעדט צו דער מיטגלידערשאַפט נאָר צוויי מאָל אין חודש, אָבער פון אַ טעגליכער צייטונג ביז צו אַ האַלב־מאָנאַטשריפט — דאָס איז אַ געוואַלדיגער שריט אויף צוריק.

### די פּאַריזער יוניאָנס אין דינסט פון דער פאַרטיידיקונג

דער פאַרבאַנד פון אַלע יוניאָנס אויף דער טערי־טאָריע פון פּאַריז און אומגעגענט האָט געלאָזט וויסען דעם פּרעפעקט (גאָווערנאָר) פונ׳ם פּאַריזער דיסטריקט, אַז די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס זיינען גרייט מיטצואַרבייטען מיט דער רעגירונג אויף אַלע געביטען פאַר די באַדערפעניש פון די ברייטע פאָלקס־מאַסען, אין דער צייט פון דער מלחמה. די יוניאָנס שטעלען אין דינסט פון דער דאָזיגער אַרבייט זייער גאַנצע ווייט־פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציע.

זיי ווילען מיטאַרבייטען ספּעציעל אין דער הילפס־טעטיגקייט פאַר די נויט־באַדערפטיגע. זיי עפענען איינפאָרמאַציע־אָפיסעס פאַר די פאַמיליעס פון די מאָביליזירטע, אָפיסעס פאַר די אַרבייט־זוכענדע אין דער מלחמה־אינדוסטריע. זיי ווילען זיך באַטייליגען אין אַלע פאַרטיידיגונגס־אַרבייטען. מיט איין וואָרט — זיי שטעלען זיך צו דער דיספּאָזיציע פון דער רעגירונג און פאָדערען, אַז זייער לאָיאַלע קאָאָפּעראַציע זאָל אָנגענומען ווערען.

### די 71טע טרייד־יוניאָן קאָנווענשאָן אין ענגלאַנד

חדשים־לאַנג האָט די ענגלישע טרייד־יוניאָן באַוועגונג זיך געגרייט צו דער איצטיגער קאָנווענשאָן — די 71טע קאָנווענשאָן פון דער עלטסטער און מעכטיגסטער יוניאָן־באַוועגונג אויף גאָר דער וועלט. דאָס מאָל האָבען זיך די דעלעגאַטען געקענט פאַרזאַמלען צו זייערע באַראַטונגען מיט אַ באַזונדערען שטאָלץ און מיט באַפרידיגונג איבער דער אויפגעטאָנענער אַרבייט. די באַוועגונג האַלט אין איין וואַקסען. פון דער לעצטער קאָנווענשאָן ביז איצט זיינען ווידער צוגעקומען וואָסערע 208 טויזענט נייע מיטגלידער און די גאַנצע מיטגלידערשאַפט באַטרעפט איצטער קנאַפּע 4 מיליאָן מיט 300 טויזענט. צוזאַמען מיט דער מיטגלידערשאַפט האַלט אויך אין איין וואַקסען דער איינפלוס פון דער יוניאָן־באַוועגונג אויף דער אינדוסטריע און איר פּאָליטישע ווירקונג — דורך דער לייבאָר־פּאַרטיי — אויף דער מלוכה־פּאָליטיק.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט בלויז צום יובלען האָבען זיך באַדאַרפט פאַרזאַמלען די פאַרשטייער פון די ענגלישע יוניאָנס צו זייער קאָנווענשאָן. אַ ריי העכסט וויכטיגע פראַגען, ספּעציעל אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מלחמה־אינדוסטריע, זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרען אויפ׳ן טאָג־אָרדנונג.

די קאָנווענשאָן איז זיך אָבער צוזאַמענגעקומען אַקוראַט 24 שעה נאָכדעם ווי ס׳איז אויסגעבראָכען די מלחמה. איז איבעריג צו זאָגען, אַז זאַכליכע באַראַטונגען וועגען די אָנגעמערקטע פּונקטען פון טאָג־אָרדנונג האָבען שוין ניט געקענט אָפּגעהאַלטען ווערען. צום באַריכט, וועלכער איז פריער אויסגעאַרבייט געוואָרען, האָט דער גענעראַל־ראַט נאָך צוגעגעבען אין איילעניש אַ צוגאָב אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אויסגעבראָכענער מלחמה.

די קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסען אַ פּראָטעסט געגען דעם פריינדשאַפט־אָפּמאַך צווישען די סאָוועטען און נאַצי־דייטשלאַנד, באַשליסענדיג אַלס איר פּראָטעסט־אויסדרוק די רעזאָלוציע, וואָס דער טרייד־יוניאָן אינטערנאַציאָנאַל האָט אָנגענומען אין אָט דער פראַגע (פון אונז איבערגעגעבען אין לעצטען נומער „גערעכטיגקייט”.—די רעד.).

די קאָנווענשאָן האָט אויך אַרויסגעגעבען אַן אויפרוף צום דייטשען פאָלק, אין וועלכען עס ווערט געזאָגט, אַז די מלחמה ווערט געפירט נישט געגען די דייטשע פאָלקס־מאַסען, נאָר געגען דער טיראַנישער רעגירונג פון די נאַציס, וועלכע איז די איינציג שולדיגע אין דעם איצטיגען גרויסען בלוט־פאַרגיסען. די קאָנווענשאָן האָט ווייטער אויסגעדריקט איר גרייטקייט צו העלפען דער רעגירונג אין דעם בלוטיגען קאַמף געגען פאַשיזם. אין אַ גרויסער פּאָליטישער רעדע האָט דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון די טרייד־יוניאָנס, סער וואַלטער סיטרין, שאַרף קריטיקירט די אַזוי גערופענע „נאַציאָנאַלע” רעגירונג. נישט געקוקט דערויף, וואָס די יוניאָנס און די גאַנצע אַרבייטער־באַוועגונג מוזען געבען דער רעגירונג די פולסטע אונטערשטיצונג אין דער מלחמה געגען פאַשיזם, מוז די אַרבייטער־באַוועגונג שטרענג אָפּהיטען איר אומאָפּהענגיגע אָפּאָזיציאָנעלע שטעלונג.

### ענגלאַנד און פראַנקרייך — צוויי וועלטען

ענגלאַנד און פראַנקרייך, די ביידע לענדער, וואָס האָבען פאַרבונדען זייער גורל אויף דעם זעלבען פראָנט, קעמפענדיג געגען דעם זעלבען שונא, פאַר די זעלבע מלחמה־צילען, אָט די ביידע דעמאָקראַטישע מלוכות, וואָס שטעלען מיט זיך פאַר דעם לעצטען רעזערוו פון דעמאָקראַטיע אין איראָפּע, — זיי זענען פון דעסטוועגען אויס ווי צוויי באַזונדערע וועלטען אין זייער באַציהונג צו דער אַרבייטער־באַוועגונג.

אין ביידע לענדער ווערט דאָס לעבען דיקטירט און רעגולירט פון די מלחמה־באַדערפענישען. מיר האָבען שוין איבערגעגעבען אויבען, אַז די וויכטיגסטע אינדוסטריע־צווייגען זיינען געשטעלט געוואָרען אונטער מיליטערישען רעזשים — נישט בלויז די באַוואָפענונגס־אינדוסטריע גופא, נאָר אויך אַנדערע אינדוסטריען, וואָס האָבען אַ ווייטערען צוזאַמענהאַנג מיט די באַדערפענישען פון דער מלחמה. אָבער — ווי פאַרשידענאַרטיג ווערט דורכגעפירט די מיליטאַריזאַציע אין יעדען פון די ביידע לענדער!

אין ענגלאַנד לעגט די רעגירונג די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט אויף דער פרידליכער און אַפילו פריינדשאַפטליכער קאָאָפּעראַציע מיט די טרייד־יוניאָנס. אַ פּערמאַנענטע קאָמיסיע פונ׳ם אַרבייטס־מיניסטעריום, צוזאַמען מיט די פאַרשטייער פון די יוניאָנס און פון דער לייבאָר־פּאַרטיי פאַרהאַנדעלט אַלע פראַגען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מיליטאַריזאַציע פון דער אינדוסטריע און שטרעבט אויסצוגלייכען אַלע געגענזאַצען. אין ערשטער ריי האָבען די פאַרטרעטער פון דער אַרבייטערשאַפט אין ענגלאַנד דורכגעזעצט די פאָדערונג, אַז די אינדוסטריע־אונטערנעמונגען טאָרען נישט אַרויסוואַרפען אַרבייטער פון זייערע פּלעצער און אויפנעמען אַנדערע אויף זייער אָרט, לויט׳ן „פרייען ווילען” פון די מענעדזשערס. אויך אין דער פראַגע פון לוין און אַרבייטס־צייט האָבען די אַרבייטער דורכגעזעצט זייער שטאַנדפּונקט. אויב די אַרבייטער שטייען אונטער מיליטערישער דיסציפּלין, טאָרען אויך די קאַפּיטאַליסטען נישט בלייבען ביי זייער פּריווילעגיע צו באַהאַנדלען די אַרבייטער אַזוי ווי זייער האַרץ גלוסט.

אַנדערש איז די לאַגע אין פראַנקרייך.

דעם איצטיגען דאַלאַדיע־קאַבינעט ליגען אַפּנים גאָר אין טעם די אַרבייטער־פיינטליכע דעקרעטען, מיט וועלכע ער האָט אָנגעהויבען זיין „פּאַטריאָטישע” רעגירונגס־טעטיגקייט. נאָכ׳ן מלחמה־אויסברוך גייט די רעגירונג ווייטער אויף דער אייגענער ליניע ווי פריער. פון אַרבען אַראָפּ גיט זי אירע באַפעלען, שטיצענדיג זיך אויפ׳ן קריגס־רעכט, וואָס פאַרזיכערט איר אומבאַגרעניצטע מאַכט. די קאָאָפּעראַציע, וועלכע ווערט אָנגעבאָטען פון די יוניאָנס מיט אַזאַ פולען האַרצען, אין אינטערעס פון

דער נאציאנאלער פארטיידיגונג, ווערט אנגענומען קאלט און נישט גערן־ווייליג.

די ליקווידאציע פון דער קאמוניסטישער פארטיי, וועלכע ווערט דורכגעפירט, ווי ס'איז באוואוסט, צוליב סטאלינ'ס אפמאך מיט היטלער'ן, גיט דער רעגירונג א גוטען תירוץ פאר איר באציהונג פול מיט חשד צו די יוניאנס. בשעת אין ענגלאנד לאזט מען די ארבייטער־פרעסע פריי דיסקוטירען אלע פראבלעמען, פאליטישע און עקאנאמישע, באווייזען זיך אין פראנצויזישען יוניאן־ארגאן אלץ אפטער די ווייסע צענזור־פלעקען פון אונטערדריקטע מיינונגען. אויב דער ארגאן פון די יוניאנס אין פראנקרייך ווערט צייטווייליג רעדוצירט אויף א האלב־מאנאטשריפט, איז איינע פון די וויכטיגסטע סיבות דערפון געוויס די שטרענגע פרעסע־צענזור און די באציהונג פון דער רעגירונג צו די יוניאנס בכלל.

### וועגען דער ליקווידאציע פון דער קאמוניסטישער פארטיי אין פראנקרייך

דאכט זיך, אז מיט דער צוואנגס־ליקווידאציע פון דער קאמוניסטישער פארטיי אין פראנקרייך האט די רעגירונג די גרעסטע טובה געטאן דער קאמוניסטישער באוועגונג גופא. די סאוועטיש־נאצישע שותפות האט אויף דער גאנצער וועלט צוטרייסעלט דעם אידעאלאגישען בנין פון דער קאמוניסטישער באוועגונג. ס'איז אבער פארשטענדליך, אז ספעציעל אין פראנקרייך האט סטאלינ'ס פארראט געמוזט ווירקען אויף די קאמוניסטישע פארטיי־מיטגלידער ווי א דונערשלאג. אין א מאמענט פון דער גרעסטער דערשלאגענקייט און צומישעניש, ווען עס הויבען אן פאלען שטיקער פון דער באוועגונג, קומט איר די רעגירונג צו־הילף און ארעסטירט אירע פירער, מאכענדיג פון זיי מארטירערס, וואס זיינען פטור פון יעדער פאראנטווארטליכקייט.

לעאן בלום, דער פירער פון די פראנצויזישע סאציאליסטען, האט פראטעסטירט געגען דעם דאזיגען פאליציאישען אקט.

דער לאנדאנער „דעילי העראלד" פאראורטיילט שארף די האנדלונג פון דער פראנצויזישער רעגירונג. צווישען אנדערע שרייבט דער ארגאן פון דער לייבאר־פארטיי: „ביידע לענדער, פראנקרייך און ענגלאנד, זיינען ארויס אין קאמף פאר דער דעמאקראטיע, זיי פארטיידיגען די דעמאקראטישע אינסטיטוציעס און טארען זיך צוליב דעם נישט פארזינדיגען געגען דער דעמאקראטיע. די דעמאקראטישע קרייזען אין ביידע לענדער באדויערען טיף די טאט פון דער רעגירונג . . ."

די צייטונג גלויבט, אז דער פארבאט פון דער קאמוניסטישער פארטיי איז אויך שעדליך, ווייל אין פארלויף פון דער מלחמה איז צו האפען אויף א רעוואלוציע אין דייטשלאנד, ביי וועלכער די דייטשע קאמוניסטען וועלען שפילען א וויכטיגע ראל. אין אט דעם פונקט מאכט אבער דער „העראלד", דאכט זיך, א קליינעם טעות, ווייל ס'איז שווער צו גלויבען, אז סטאלין זאל הייסען זיינע דייטשע קאמוניסטען רעוואלטירען געגען זיין שותף היטלער.

### די דייטשע ארבייטערשאפט אין שקלאפעריי ביי היטלערס מלחמה־מאשין

אויב אלע מלחמה פירענדע לענדער זיינען געצוואונגען געווען צו מיליטאריזירען זייער אינדוסטריע און צו שטעלען די גאנצע פראדוקציע אין דינסט פון די מלחמה־באדערפענישען, קען מען זיך שוין אויסמאלען, אין וועלכער לאגע עס זיינען אריינגעווארפען געווארען די צוויי צענדליג מיליאן ארבייטער אין דייטשלאנד, וועלכע האבען שוין יארען פאר דער מלחמה געהאט אריבערצוטראגען דעם גורל פון שקלאפען אין דער נאציאנאל־„סאציאליסטישער" אינדוסטריע פון היטלער־לאנד.

לויט ווי עס גיט איבער די אמסטערדאמער צייטונג „טעלעגראף", זיינען אין דייטשלאנד מיט איין שטריך פון דער פעדער אפגעשאפט געווארען אלע לוין־העכערונגען, וועלכע זיינען דערגרייכט געווארען פון די ארבייטער פון דעם יאר 1936 אן. די דאזיגע פארארדנונג איז ארויסגעגעבען געווארען אין דעם טאג, ווען די דייטשע טרופען זיינען אריבער די גרענעץ קיין פוילען — אפנים כדי צוצוגעבען א באזונדערע פייערליכקייט צו דער נאציאנאלער עקספאנסיע פון דייטשלאנד. אין דער זעלבער צייט זיינען פארבאטען געווארען ווייטערע לוין־העכערונגען. אויך איז פארבאטען געווארען צו צאלען איינצעלנע ארבייטער ספעציעלע „צושלאגען" (פרעמיומס) פאר געוויסע ארבייטען. עס זיינען אויך אפגעשאפט געווארען יום־טובים. פאר אווערטיים, נאכט־ארבייט און זונטאג־ארבייט ווערט געצאלט לוין לויט דעם נארמאלען טאריף.

עס דארף נאך צוגעגעבען ווערען, אז די לוין־העכערונגען אין דייטשלאנד פון 1936 אן זיינען, אין זייער צייט, נויטווענדיג געווארען צוליב די שטארק געהע־כערטע לעבענס־מיטעל פרייזען. פון דעמאלט אן איז די טייערונג נאך געוואלדיג געשטיגען און האלט ווייטער אין איין שטייגען, האט מען אלע לוין־העכערונגען בטל געמאכט. די פירער פון „דריטען רייך" הייסען דער דייטשער ארבייטערשאפט לעבען אויסשליסליך פון נאצישער באגייסטערונג.

### די איטאליענישע ארבייטער האבען נישט קיין חשק צו מלחמה

בשעת די פאשיסטישע איטאליע שטייט אין אן „אפווארטענדיגער" נייטראליטעט און דיפלאמאטען און מלוכה־פירער אויף דער גאנצער וועלט צוברעכען זיך דעם קאפ, וואס און ווען וועט זיין דער סוף פון דער דאזיגער נייטראליטעט, אין דער אייגענער צייט פארשטארקט זיך אין די מאסען פון איטאליענישען פאלק בכלל און אין די רייען פון די ארבייטער בפרט דער ווילען צו בלייבען רואיג און פרידליך אין צושטאנד פון נייטראליטעט און איבערצולאזען דעם פארגעניגען און דעם רוהם פון דער מלחמה דעם גרויסען פארטנער פון דער רוים־בערלין־אקס, דייטשלאנד.

פון צייט צו צייט קומט צום אויסדרוק דער דאזיגער שלום־ווילען פון די איטאליענישע ארבייטער אין דער עפענטליכקייט, נישט געקוקט אויף דער שטארקער אונטערדריקונג דורך דער פאשיסטישער פאליציי. אין דער שטאט דזשענאווא האט די פאליציי אנטדעקט אנטי־פאשיסטישע, מלחמה־פיינטליכע אויפרופען, וואס זיינען פארשפרייט געווארען אין פאבריקען און אויף די דאקס. עס זיינען ארעסטירט געווארען א גרויסע צאל ארבייטער, צווישען זיי טוערס פון דער פאשיסטישער ארבייטער־ארגאניזאציע. אויף א קאנפערענץ פון די פאשיסטישע ארבייטער־ארגאניזאציעס האט דער פאשיסטישער יוניאן סעקרעטאר מאסימינא געמוזט מודה זיין, אז די דיסציפלין פון די ארגאניזאציעס האט זיך אין דער לעצטער צייט שטארק געבראכען.

### די בעלגישע ארבייטער־פארטיי אין א קאאליציע־רעגירונג

אין בעלגיע האט זיך אין דער לעצטער צייט די רעגירונג עטליכע מאל געביטען. ס'איז שווער געווען צוזאמענצושטעלען א מאיאריטעט אין פארלאמענט פאר דער רעגירונג, ווייל די ארבייטער־פארטיי האט נישט געוואלט נעמען קיין אנטייל אין א קאאליציע.

צוליב דער מלחמה האט די ארבייטער־פארטיי געביטען איר שטאנדפונקט. בעלגיע איז געבליבען נייטראל, אבער בשעת די נאצישע ארמייען שטורמען געגען דער באפעסטיגטער פראנצויזישער גרענעץ, איז בעלגיע אין גרויס געפאר פאר א דייטשער אינוואזיע — היינט נישט ווייניגער ווי אין דער גרויסער וועלט־מלחמה, מיט א פערטעל יארהונדערט צוריק.

אין אט דער סיטואציע האט די ארבייטער־פארטיי באשלאסען צו פארשטארקען די פאזיציע פון דער רעגירונג און זיך צו באטייליגען אין דער קאאליציע. עס זיינען אריינגעגאנגען אין קאבינעט 3 סאציאליסטישע מיניסטארען, צווישען זיי ספאאק, וועלכער איז פריער געווען מיניסטער פאר אויסערען, און האט איצט ווידער איבערגענומען דעם פארטפעל פון מיניסטער פאר אויסערן, דאס פאראנטווארטליכסטע אמט אין דער איצטיגער צייט.

### וואוקס פון דער יוניאן־באוועגונג אין שוועדען

די קליינע מלוכה שוועדען מיט איר הויך אנטוויקעלטער אינדוסטריע פארמאגט א יוניאן־באוועגונג, מיט וועלכער זי מעג זיך איבערנעמען פאר'ן גאנצען וועלט־פראלעטאריאט. אין משך פונ'ם יאר 1938 האט דער טרייד־יוניאן צענטער פארצייכענט א צוואוואוקס פון קנאפע 58 טויזענט נייע מיטגלידער. איר צאל ארגאניזירטע ארבייטער איז געשטיגען פון 840 טויזענט אויף 898 טויזענט, צווישען זיי זיינען פאראן 133 טויזענט פרויען.

אין משך פון די לעצטע צען יאר האט זיך די טרייד־יוניאניסטישע ארגאניזאציע אין שוועדען כמעט פארדאפעלט. סוף פונ'ם יאר 1928 האט זי באטראפען 469 טויזעט מיטגלידער, סוף 1938, ווי מיר האבען אויבען אנגעוויזען — 898 טויזעט מיטגלידער.

### אן אויפרוף פון דער לייבאר־פארטיי צום טשעכאסלאוואקישען פאלק

די בריטישע לייבאר פארטיי האט אדרעסירט אן אפיל צו די ארבייטער־ און פאלקסמאסען פון טשעכאסלאוואקיע, אין וועלכען דאס פאלק ווערט אויפגעפאדערט גרייט צו זיין פאר דער שעה פון באפרייאונג. די לייבאר פארטיי — ווערט געזאגט אין דעם אויפרוף — שטייט אין ענגען קאנטאקט מיט אייערע פריינט און ברידער, וואס זיינען געצוואונגען געווען צו פארלאזען זייער היים און צו גיין אין גלות. פון לאנדאן רופען מיר קיין פראג און בראטיסלאווע: בלייבט פעסט און האט פארטרויען, שטארקט אייערע הערצער אין דעם נייעם שטורמווינט, וועלכער טראגט זיך איבער אייראפע. בלייבט געטריי צו די פרינציפען פון אייער גרויסען טאמאס מאזאריק און פארלאזט נישט די פאן, וועלכע האט געפלאטערט אין דער האנט פון אייער בענעש. די טראגעדיע פון אייער לאנד האט דער וועלט געעפענט די אויגען. די גרויזאמע אומגערעכטיגקייטען, פון וועלכע איר ליידט היינט אזוי פיל, וועלען ווידער באזייטיגט ווערען. טשעכען און סלאוואקען, וואס שמאכטען היינט אונטער היטלער'ס שטיוועל, וועלען באלד ווידער פריי זיין. מיר באגריסען די טשעכאסלאוואקישע נאציע. מיר שיקען אונזער ברודער־גרוס דעם טשעכאסלאוואקישען ארבייטער־קלאס.

ב. י. ביאלאסטאצקי.

## דאס הויז אויף טשערי סטריט*)

אויף טשערי סטריט איז דא א הויז,
אין הויז — עס וואוינט שוין דארט ניט קיינער.
די ווענט — סקעלעטענווייז צעשפרונגען,
און ברעטער סטארטשען, ווי די ביינער.
פון פענסטער קוקען בעלמע אויגן
און אויפן דאך א הוילער שארבן —
ארום ליגט אלטקייט אויסגעצויגען,
דאס הויז פאר'משפט איז צום שטארבען, —
נאר דא האט מען אמאל געזונגען
די ראזענפעלדישע געזאנגען.

ליגט טשערי סטריט ביים עק פון שטאט.
פארלאזענקייט פון אלטער געגענט.
אמאל אבער האט מענש מיט מענשען —
אין ערשטען בוי זיך דא באגעגענט.
און צווישען מענשען — מיינע ברידער,
מיט זעק, מיט האפענונג באלאדען;
אין קאך פון ראשיגען הארמידער —
באטראכטען דא דעם „מויטען בארדען".
איך שטיי ביים שוועל, און ס'ווילט זיך בענשען
דעם שפור פון יענע פיאנערען.

ליגט טשערי סטריט אין גאלדענעם לאגר.
א, ניט קיין גאלד איז דא געוואקסען!
נאר הארבע נויט — דורך הארבע יארען,
געטרייפט האט דא, ווי פעלד אין שלאקסען.
אין איינזאמקייט, מיט הארץ צעריסען,
געזונגען האט מען ביי מאשינען:
— וואו ציינער קריצען, טרערען פליסען,
נאר דארטען קענסטו מיך געפינען.
פאעט, לאטוטודיגער צארען,
עס זידט נאך אלץ דיין טרער אויף אייזען.

איך קוק אויף טרעפ, א גאנצער דור,
פון ווילנע, ביאליסטאק און ווארשע, —
געגאנגען איז, און ווי אויף פליגעל
אוועק אין שרייענדיגע מארשען.
נאר באלד נאכדעם צו זיך געקומען,
געבענקט נאך קינד, געבענקט נאך מאמען,
און אין דעם נארעלדיגען זשומען
גע'חלומ'ט פון א וועלט אין פלאמען!
עס וויגט זיך מיר אויף זשאווער־ריגעל,
ווי ס'וויגט זיך טרוים פון אלטע יארען!

א, טשערי סטריט! א, לעצטע מיר!
איך זע דאס הויז פון מיינע ברידער.
עס קומט פון טיפעניש אנטקעגען
פאעט, אנטרונענער מיט לידער!
דורך טעג פון פיין, דורך פיין פון יאכען,
אין גלי פון פלאמענדיגע אויגען,
האט ליד, ווי לאווע דורכגעבראכען.
נאר הויז האט זיך צו דר'ערד געבויגען,
געבליבען הויל ביי שמאלע וועגן —
וואו לעבען מיינס איז אויסגעגאנגען!

---

*) פון ב. י. ביאלאסטאצקי'ס נייעם בוך לידער: „פון די שטאטען", וואס איז נים לאנג צוריק ארויס פון דרוק.

# אונזערע יוניאָנס אין דער וועסט וואַקסען און אַנטוויקלען זיך

(פרעזידענט דובינסקיס איינדרוקען פון אַ טור אין דער מיטעל־וועסט, ביים פּאַסיפיק, און אין קענעדע)



צוריקקומענדיג פון אַ טור איבער די שטעט פון דער מיטעל־וועסט, ביים פּאַסיפישען ים־ברעג און מערב־קענעדע, וואו עס האָבען זיך דורך די לעצטע עטליכע יאָר באַפעסטיגט און פאַנאַנדערגעבליט אונזערע אינטערנעשאָנעל יוניאָנס, האָט פּרעזידענט דובינסקי אויסגעדריקט גרויס צופרידענהייט מיט דעם גוטען צושטאַנד פון אונזערע יוניאָנס און מיט דעם גרויסען פאָרשריט וואָס זיי האָבען געמאַכט דורך די לעצטע דריי יאָר זינט ער האָט באַזוכט די שטעט אין 1936.

פּרעזידענט דובינסקי האָט באַזוכט שיקאַגאָ, לאָס־אַנדזשעלעס, סאַן־פראַנציסקאָ, פּאָרטלענד, סיאַטעל, וואַנקאָווער, וויניפּעג, מינעאַפּאָליס און קענזעס סיטי. אין די אַלע שטעט האָט ער אַדרעסירט מאַסען־פאַרזאַמלונגען פון די מיטגלידער, מיטינגען פון די עקזעקוטיווס און דזשאָינט באָאַרדס און אין פילע שטעט, וואו דאָס איז געווען נויטיג, האָט ער זיך באַטייליגט אין קאָנפערענצען מיט ארבייטסגעבער. מיט באַגייסטערטע ווערטער האָט ער געשילדערט דעם פּראָגרעס וואָס די יוניאָן האָט געמאַכט אין די לעצטע דריי יאָר אין די געגענדען; איר אַריינדרינגען אין שטעט און שטעטלאך וואו מען האָט פריער ניט געוואוסט פון יוניאָנס; די באַפעסטיגונג פון דעם יוניאָן געדאַנק און דעם פּרעסטיזש פון דער אינטערנעשאָנעל צווישען די ארבייטער און אויך צווישען די ארבייטסגעבער, וועלכע אַנערקענען שוין דעם סטאַביליזירענדען כח פון דער יוניאָן אין דער אינדוסטריע, און הויפּטזעכליך דעם נייעם עלעמענט פירער און אַקטיווע יוניאָן טוער וואָס האָבען זיך אַנטוויקעלט צווישען די ניי־אָרגאַניזירטע ארבייטער, וועלכע האָבען ביז ערשט ניט לאַנג צוריק זיך געשראָקען פאַר אַ יוניאָן און געווייכט פון אירע אָרגאַנייזערס.

„דאָס מיינט ניט — האָט דובינסקי געזאָגט, — אַז אין די שטעט זיינען ניטאָ קיין שוועריגקייטען און פּראָבלעמען. פּראָבלעמען זיינען דאָ אין יעדע יוניאָן און אין יעדען פּלאַץ. וואָס לעבעדיגער אַ יוניאָן איז, וואָס טעטיגער אירע מיטגלידער און פירער, אַלץ מער פּראָבלעמען האָט זי צו באַגעגענען. אויך אונזערע אָרגאַניזאַציעס אין די געגענדען האָבען זייערע שוועריגקייטען, נאָר אַ דאַנק אַן איבערגעבענער און ארבייטסזאַמער פירערשאַפט ווערען די שוועריגקייטען ביסלאַכווייז באַזייטיגט און די פּראָבלעמען ווערען געלייזט.

### דער צושטאַנד אין לאָס אַנדזשעלעס

איבערגייענדיג צו דעם צושטאַנד פון די יוניאָנס פון דער אינטערנעשאָנעל אין די פאַרשידענע שטעט וואָס ער האָט באַזוכט, האָט פּרעזידענט דובינסקי ערקלערט, אַז אין לאָס אַנדזשעלעס איז כמעט דער גאַנצער קלאָוק טרייד אָרגאַניזירט. דאָרט האָט זיך אָבער אָנגעהויבען לעצטענס אַנטוויקלען די דזשאָבינג קאָנטראַקטינג סיסטעם, וועלכע פאָדערט אַ לייזונג. לעצטען סעזאָן איז דער יוניאָן געלונגען צו אָרגאַניזירען די ארבייטער אין די מערסטע קאָנטראַקטינג שעפּער און צווינגען די בעלי־בתים אונטערצושרייבען אַגרימענטס. די פּראָבלעם איז אָבער ווי צו קריגען קאָנטראָל איבער די דזשאָבערס. פּלענער זיינען אויסגעארבייט געוואָרען ווי אַזוי צו לייזען די פּראָבלעם אין דער נאָענטער צוקונפט.

אַחוץ דעם איז אין לאָס אַנדזשעלעס אַ פראַגע פון אָרגאַניזירען די ניט־אָרגאַניזירטע טיילען פון דער דרעס אינדוסטריע. איבער דעם וואָס דער דרעס טרייד איז דאָרט נאָך ניט אינגאַנצען אָרגאַניזירט, איז עס אָנגעקומען מיט שוועריגקייטען מיט איניגע מאַנאַטען צוריק צו באַנייען דעם אַגרימענט. עס איז דאָרט אויך דאָ אַדמיניסטראַטיווע שוועריגקייטען. די לעצטע פּאָר יאָר האָבען זיך דאָרט אַנטוויקעלט צווייטיגקייטען און קריוודעס און אַלס רעזולטאַט האָט דער ביז איצטיגער מענעדזשער לוצקי רעזיגנירט פון זיין אַמט. אַזוי ווי וויס־פּרעזידענט פיינבערג, וועלכער האָט געהאַט אויפזיכט איבער די אינטערנעשאָנעל יוניאָנס אויפ'ן פּאַסיפישען קאָוסט, איז איצט אין ניו יאָרק, איז נויטיג צו שיקען אַ פאָרטרעטער פון דער אינטערנעשאָנעל אַכטונג צו געבען אויף יענעם געגענד און אויך באַזאָרגען די קלאָוק און דרעס סיטואַציע אין לאָס אַנדזשעלעס. פּרעזידענט דובינסקי האָט פאַרשפּראָכען צו געבען זיי פולע הילף און אַריינשיקען אַהין צוויי אָדער דריי מענשען וואָס וועלען טאָן די ארבייט, אַזוי שנעל ווי ער וועט צוריק קומען אין ניו יאָרק. דובינסקי האָט אין לאָס אַנדזשעלעס אַדרעסירט אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, ביי וועלכער עס זיינען אַנוועזענד געווען 1500 מיטגלידער פון דער יוניאָן.

### די לאַגע אין סאַן־פראַנציסקאָ

מיט אויסערגעוויינליכען ענטוזיאַזם רעדט פּרעזידענט דובינסקי וועגען דער יוניאָן אין סאַן פראַנציסקאָ. „דאָרט האָבען מיר אַ שיינע און סאָלידע יוניאָן, — האָט דובינסקי ערקלערט. — דער קלאָוק און דרעס טרייד זיינען דאָרט גוט אָרגאַניזירט. ליידער האָבען זיי דעם סעזאָן געהאַט זייער ווייניג ארבייט. אין דער ניט־גודס אינדוסטריע גייען דאָרט באַלד אויס די אַגרימענטס און זיי וועלען דאָרט באַנייט ווערען מיט פאַרבעסערונגען. קאָנפערענצען זיינען דאָרט אָפּגעהאַלטען געוואָרען מיט די בעלי בתים, אין וועלכע איך האָב זיך באַטייליגט. מען ערוואַרטעט אַז די אַגרימענטס זאָלען שנעל באַנייט ווערען". פּרעזידענט דובינסקי האָט דאָרט אויך אַדרעסירט אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער.

אַ באַזונדער שטאַרקען איינדרוק האָבען אויף פּרעזידעט דובינסקי געמאַכט די אָרגאַניזירטע כינעזישע ארבייטער, מיט וועלכע ער האָט זיך געטראָפען דעם ערשטען מאָל. די כינעזער זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען פון דער אינטערנעשאָנעל ערשט לעצטעס יאָר אלס רעזולטאַט פון אַ סטרייק אין אַ כינעזישער פירמע. די אינטערנעשאָנעל האָט דאָרט איצטער צוויי לאָקאַלס, אין וועלכע עס באַלאַנגען כינעזישע אַרבעטער. איין לאָקאַל וועלכען די אינטערנעשאָנעל האָט דירעקט אָרגאַניזירט באַשטייט אויסשליסליך פון כינעזישע ארבייטער, און אַ צווייטער לאָקאַל וואָס די א. פ. אָוו ל. האָט אָרגאַניזירט אלס פעדעראַל לאָקאַל און אויף דער פאָדערונג פון פּרעזידענט גרין איבערגעגעבען צו דער אינטערנעשאָנעל. דער לאָקאַל איז אַ געמישטער. עס באַלאַנגען דאָרטען מערסטענס כינעזער, אָבער אויך אַ טייל אַמעריקאַנער ארבייטער. זיי זייען באַשעפטיגט אין די מיסעלעניאָוס טריידס. פּרעזידענט דובינסקי האָט זיך געטראָפען מיט די מיטגלידער פון דיביידע לאָקאַלען. די וועלכע זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען דירעקט פון דער אינטערנעשאָנעל, זיינען שוין דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון סאָלידאַריטעט. ווי שווער עס איז זיי געווען אין אָנהויב אַריבערצוגעווינען פאַר'ן יוניאָן געדאַנק, אַזוי פעסט און ענטשלאָסען זיינען זיי איצט פאַר דער יוניאָן און זיינען גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר איר. די איבערגעבענהייט צו דער יוניאָן איז אַזוי גרויס, אַז טראָץ דעם וואָס זייער פירמע איז אַרויס פון ביזנעס און די מערסטע פון זיי זיינען געצוואונגען געוואָרען צו געפינען באַשעפטיגונג אין אַנדערע טריידס, האַלטען זיי דאָך אָן זייער יוניאָן און ַזיינען שטאָלץ דערמיט. דער לאָקאַל וואָס די אינטערנעשאָנעל האָט ניט לאַנג צוריק איבערגענומען פון דער פעדערישאָן, איז דער גרעסערער לאָקאַל. דאָרט באַלאַנגען אַרום 800 מיטגלידער. די זיינען נאָך ניי און ניט גענוג איינגעלעבט אין די טראַדיציעס פון דער אינטערנעשאָנעל. מען מעג אָבער האָפען אַז זיי וועלען זיך שנעל איינלעבען און וועלען ווערען אַ וויכטיגער טייל פון דער אינטערנעשאָנעל משפחה.

### אין פּאָרטלענד, סיאַטעל און וואַנקאָוועד

וועגען די אַנדערע שטעט וואָס ער האָט באַזוכט, באַריכטעט פּרעזידענט דובינסקי, אַז אין פּאָרטלענד, אָרעגאָן, האָט ער אַדרעסירט אַ פאַרזאַמלונג, ביי וועלכער בוכשטעבליך אַלע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנעל אין שטאָט זיינען אַנוועזענד געווען. די שטימונג איז דאָרט אַ גוטע, ווייל פּאָרטלאַנד איז איינע פון די ווייניגע שטעט איבער'ן לאַנד וואָס האָבען געהאַט אַ גוטען סעזאָן דאָס יאָר. אין סיאַטעל, וואַשינגטאָן, האָט פּרעזידענט דובינסקי אויסגעארבייט פּלענער מיט די פירער פאַר אַן אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין אין דרעס טרייד. ער האָט אַרויסגעשטעלט מיט'ן קלאָוק לאָקאַל אַז זיי זאָלען נעמען מער אינטערעס אין דער דרעס סיטואַציע און העלפען פאַרוואַלטען דעם דרעס לאָקאַל. אין וואַנקאָוועד, בריטיש קאָלאָמביאַ, האָט פּרעזידענט דובינסקי צום ערשטען מאָל באַזוכט דעם לאָקאַל. וואַנקאָוועד איז געווען די איינציגע שטאָט אין קענעדע וואו די קלאָוקמאַכער זיינען ניט געווען אָרגאַניזירט. דער לאָקאַל איז דאָרט געגרינדעט געוואָרען ערשט מיט דריי יאָר צוריק. פּרעזידענט דובינסקי האָט זיך דעריבער ערשט צום ערשטען מאָל געטראָפען מיט די מיטגלידער. זיי האָבען אויף אים געמאַכט אַ זייער גוטען איינדרוק. די מעמבערשיפּ דאָרט איז פון אַ גאַנץ נייעם עלעמענט. זיי זיינען אָבער זייער לאָיאַל און ענטוזיאַסטיש פאַר דער יוניאָן. זינט דער קלאָוק טרייד איז דאָרט אָרגאַניזירט געוואָרען האָבען זיך זייערע ארבייטס־באַדינגונגען זייער פיל פאַרבעסערט. די ארבייטס־צייט איז פאַרקירצט געוואָרען פון 48 אויף 40 שטונדען אַ וואָך און די שכירות האָבען זיך באַדייטענד געהעכערט. זיי פאַנגען אָן אין גיכען ארבייטען צו אָרגאַניזירען די ארבייטער אין די עטליכע דרעס שעפּער דאָרט אין שטאָט.

### אין וויניפּעג און מינעסאָטאַ

וועגען דעם אינטערנעשאָנעל לאָקאַל אין וויטען וויניפּעג רעדט פּרעזידענט דובינסקי מיט באַגייסטערונג. דער לאָקאַל עקזיסטירט אינגאַנצען פיר יאָר, אָבער פאַר דער קורצער צייט האָט דער לאָקאַל געמאַכט אויסערגעוויינליכען פּראָגרעס. דער מאַרקעט איז פולשטענדיג אָרגאַניזירט. זיי האָבען זיך שוין דערשלאָגען די פערציג שטונדיגע ארבייטס־וואָך. דורך דער באַנייאונג פון דעם אַגרימענט לעצטענס, וועלכעס איז דורכגעפירט געוואָרען מיט דער הילף פון מאיר פּערלשטיין, אינטערנעשאָנעל פאָרטרעטער אין דער סאָוט־וועסט, האָבען די ארבייטער געוואונען אַ העכערונג אויף די שכירות. די מיטגלידער האָבען די העכסטע אַכטונג און ליבע צו זייער מענעדזשער, ברודער הערבסט. די יוניאָן פירט דאָרט אויך אַן אַ שיינע בילדונג און פאַרוויילונגס טעטיגקייט צווישען די מיטגלידער. דער לאָקאַל האָט אינגאַנצען אכט הונדערט מיטגלידער, אָבער ביים מאַסען־מיטינג, וואָס איז אַדרעסירט געווורען פון פּרעזידענט דובינסקי, זיינען אַנוועזענד געווען איבער טויזענט מענשען. ניט נאָר אַלע יוניאָן מיטגלידער זיינען געקומען, נאָר אויך ארבייטער פון אַנדערע פאַכען. דער ניי־אָרגאַניזירטער כאָר פון דער יוניאָן איז צום ערשטען מאָל אויפגעטראָטען ביים מאַס־מיטינג. דער לאָקאַל נעמט זיך דאָרט איצט אָרגאַניזירען די דרעסמאַכער.

אויך די אינטערנעשאָנעל אָרגאַניזאַציע אין מינעאַפּאָליס און סיינט פּאָול האָט פּרעזידענט דובינסקי געטראָפען אין גוטען צושטאַנד. ער האָט דאָרט קאָנפערירט מיט די פירער און אַקטיווע מיטגלידער פון דער יוניאָן און מיט איניגע בעלי בתים. אין מינעסאָטאַ איז אין דרעס טרייד געווען אַביסעל מער ארבייט דעם סעזאָן. עס ווערען דאָרט איצט אויסגעארבייט פּלענער צו אָרגאַניזירען איניגע שעפּער אין די מיסעלעניאָוס טריידס וואָס זיינען נאָך ניט אָרגאַניזירט.

### דער סאָוט־וועסטערן רידזשאָנאַל קאָנפערענץ.

אַ פּאַסיגער שלוס פון פּרעזידענט דובינסקי'ס טור איז געווען דער רידזשאָנאַל קאָנפערענץ פון אַלע לאָקאַלס אין דער טעריטאָריע אונטערן קאָנטראָל פון דעם אינטערנעשאָנעל פאָרטרעטער אין דער סאָוט־וועסט, מייער פּערלשטיין. 150 פאָרטרעטער פון די לאָקאַלס אין זעקס סטייטס, מיזורי, מינעסאָטאַ, טעקסעס, נאָרדערן אילינאָי, טענעסי און מיסיסיפּי, זיינען געווען פאָרטרעטען ביים קאָנפערענץ. דאָרט האָט פּרעזידענט דובינסקי געהאַט אַ געלעגענהייט צו קריגען אַ גענויען באַריכט וועגען דער לאַגע אין די אַלע שטעט און שטעטלאך וואו די אינטערנעשאָנעל יוניאָנס געפינען זיך, וועלכע ער האָט אויף זיין טור ניט געקענט באַזוכען.

„און דער באַריכט — ערקלערט פּרעזידענט דובינסקי — איז געווען אַ זייער דערפרייענדער און ערמוטיגענדער. די קאָנפערענץ האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קליינער קאָנווענשאָן. די באַריכטען פון די דעלעגאַטען האָבען אָפּגעשפּיגעלט די אמת גרויסע ארבייט וואָס אונזער יוניאָן, דורך דער אונערמידליכער ארבייט פון איר פאָרטרעטער מייער פּערלשטיין און זיינע אַרויסהעלפער האָבען דאָרט אויפגעטאָן אין די לעצטע עטליכע יאָר. „אין אַ געגענד וואו מען האָט פריער ניט געוואוסט פון אַ יוניאָן; אין פּלעצער וואו מיר האָבען קיין מאָל ניט געוואוסט אַז פרויען קליידער שעפּער געפינען זיך, זיינען אין די פּאָר יאָר אָרגאַניזירט געוואָרען

# וואס עס הערט זיך אין דער אינטערנעשאנאל

אין דעם עקאנאמישען לעבען פון לאנד קומט פאר א שטארקע אויפלעבונג. עס שטייגט די פראדוקציע אין אלע צווייגען פון אינדוסטרי און האנדעל. די ערשטע האבען עס דערפילט די שווערע אינדוסטריען. די פראדוקציע פון שטאל, מעטאלען, קוילען, טעקסטיל, אויטאמאבילען איז שטארק געשטיגען און האלט נאך אלץ אין פארגרעסערען זיך. דער פארברויך פון עלעקטרישע קראפט, דער פארקער אויף די אייזענבאנען, די בוי אינדוסטריע האט זיך שטארק פארגרעסערט. ביסלאכווייז הייבט מען עס אן צו פילען אויך אין דער פארברויך אינדוסטריע. דער אפזאץ פון סחורות אין די קראמען איז דעם ווינטער געווען גרעסער ווי לעצטען יאר. די שטימונג אין לאנד איז א האפערדיגע.

דער הויפט באזיס פאר דער נייער אינדוסטריעלער אויפלעבונג, איז אן עקאנאמיש נארמאלער. קריזיסען אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט גייען אין ציקלען. זיי קומען, דויערען א שטיקעל צייט און גייען איבער. עס קומט א נייע צייט פון פארהעלטניסמעסיגען אויפשוואונג און פראספעריטי. עס איז דא ניט דער פלאץ זיך אריינצולאזען אין די אורזאכען וואס רופען ארויס די קריזיסען און ווירקען אז זיי זאלען פאר א צייט פארשווינדען. איין זאך איז קלאר: דער קריזיס וואס האט, מיט א קליינער אונטערברעכונג, געהערשט דא אין לאנד פאר די לעצטע צען יאר, האלט ביים פארשווינדען. א צייט פון נייער אויפלעבונג האט זיך אנגעפאנגען.

אבער גראד דערפאר וואס אן אויפלעבונג האט זיך אנגעפאנגען אין לאנד, מוזען די ארבייטער און זייערע יוניאנס זיין באזונדערס שטארק אויף דער וואך און היטען אז אויך זיי זאלען קענען געניסען אביסעל פון די בעסערע צייטען. די ארבייטער זיינען אלע מאל די וואס ליידען צום שטארקסטען פון קריזיס און, ווען זיי פארלאזען זיך אויפ'ן יושר פון די בעלי בתים, זיינען זיי די לעצטע עפעס צו געווינען פון דער נייער פראספעריטי.

אויך דאס מאל האבען זיך די באזיצענדע קלאסען פארגומען אויסצונוצען די נייע אויפלעבונג פאר זייער אייגענעם בענעפיט און זען אז די ארבייטער זאלען וואס ווייניגער קריגען דערפון. נאך איידער די אויפלעבונג האט זיך דערפילט, האט זיך שוין אנגעהויבען א שטארקע ספעקולאציע. פרייזען אויף אלע פראדוקטען, איינגעשלאסען די נויטיגסטע לעבענסמיטלען האלטען אין שטייגען. שכירות און פארדינסטען אבער פרובירט מען אפהאלטען פון שטייגען אין פראפארציע. דער רעזולטאט איז אז די רעאלע פארדינסטען פון די ארבייטער ווערען געשניטען. דאס הייסט, דער ארבייטער קען קויפען ווייניגער פאר די געלט וואס ער קריגט ווי ער האט געקענט קויפען פריהער.

אט די שפיל פלעגט אנגעפירט ווערען אלע מאל. גליקליכערווייזע זיינען די ארבייטער היינט צו טאג בעסער צוגעגרייט צו געבען א ווידערשטאנד. א גרעסערע צאל פון זיי איז היינט ארגאניזירט אין יוניאנס. און די יוניאנס האבען שוין געגעבען צו פילען די בעלי בתים, אז דאס מאל זיינען די ארבייטער ענטשלאסען אויסצונוצען די אויפלעבונג פאר זייער אייגענעם בענעפיט.

ווי אלע מאל איז אונזער אינטערנעשאנעל אין די ערשטע רייען צווישען די יוניאנס צו רעאגירען אויף דער נייער לאגע און זען אז אירע מיטגלידער זאלען זיין ווי געהעריג צוגעגרייט אויסצונוצען די בעסערע באדינגונגען. אזוי שנעל ווי עס איז קלאר געווארען אז איבער דער אייראפייאישער מלחמה וועלען די קאסטען פון לעבענסמיטלען ווארשיינליך שטייגען, האט פרעזידענט דובינסקי אויפגעפאדערט די פירער פון אלע אינטערנעשאנעל ארגאניזאציעס אריינצושרייבען א פונקט אין די אגרימענטס, אז די שכירות פון די ארבייטער און די פרייזען פאר שטיק ארבייט זאלען געהעכערט ווערען אויטאמאטיש ווען די פרייזען פון לעבענסמיטעל שטייגען פינף פראצענט אדער מער. דער גענעראל אפיס האט אויך אויסגעארבייט א פארם פון אזא פונקט וועלכען זיי קענען נאכפאלגען ביים שליסען אדער באנייען אן אגרימענט מיט די בעלי בתים. דער בריף וואס פרעזידענט דובינסקי האט אויסגעשיקט צו די לאקאלס לייענט זיך ווי פאלגט:

„אלס רעזולטאט פון דער אייראפייאישער מלחמה איז מעגליך אז לעבענסמיטלען אין די פאראייניגטע שטאטען זאלען אין גיכען שטייגען. כדי צו באשיצען די ארבייטער געגען שנעלע ענדערונגען, האט דער גענעראל אפיס אויסגעארבייט דעם פאלגענדען פונקט, וועלכער זאל איינגעשלאסען ווערען וואו נאר מעגליך אין אלע צוקונפטיגע קאנטראקטען וואס וועלען אונטערגעשריבען ווערען פאר דער אינטערנעשאנעל איבער'ן גאנצען לאנד:

„אין אנבאטראכט פון די אומזיכערע עקאנאמישע באדינגונגען וועלכע קענען מעגליך פאראורזאכען גוואלדזאמע ענדערונגען אין די קאסטען פון לעבענס-מיטלען, ווערט דא איינגעשטימט:

„אז די פרייז-ראטען וואס ווערען באשטימט פאר שטיק ארבייטער און די שכירות פער שטונדע וואס ווערט געצאלט די וואס ארבייטען פון וואך, זאלען געענדערט ווערען פעריאדיש אין איינקלאנג מיט די ענדערונגען אין די פרייזען פון לעבענסמיטלען, ווי דאס ווערט אויסגערעכענט און פארעפענטליכט פון דעם יונייטעד סטייטס דעפארטמענט או לעיבאר פאר דעם געגענד. (שרייבט אריין דעם נאמען פון שטאט אדער געגענד פאר וועלכען דער אגרימענט ווערט געשלאסען).

„אז ווען נאר דער אינדעקס פון קאסטען פון לעבענס-מיטלען ווייזט אן א העכערונג פון פינף פראצענט אדער מער ווי די לעצטע ציפערען וואס זיינען פארעפענטליכט געווארען איידער דער אגרימענט איז אונטערגעשריבען געווארען, זאל אן אויטאמאטישע ענדערונג אין די פרייזען און שכירות געמאכט ווערען, פונקט אין מאנאט נאכדעם ווי דער דעפארטמענט או לעיבאר האט פארעפענטליכט די ציפערען.

„אז נאכדעם זאל אן ענדערונג (אין די ארבייטס פרייזען און שכירות) געמאכט ווערען ווען די צוזאמענגערעכענטע העכערונג אין די קאסטען פון לעבענס-מיטלען האבען דערגרייכט אדער איבערגעשטיגען פינף פראצענט פון דעם טאג וואס די לעצטע העכערונג איז געמאכט געווארען”.

עס ווערט אנגעוויזען אין דעם צושריפט, אז אונטער נארמאלע באדינגונגען ענדערען זיך ניט די קאסטען פון לעבענס-מיטלען מער ווי איינס אדער צוויי פראצענט א יאר. אין מלחמה אבער האט שוין פאסירט אז די פרייזען פון לעבענס-מיטלען זיינען געשטיגען 59 פראצענט אין די דריי יאר צווישען 1916 און 1919. די מאנופעקטשורערס נאטירליך העכערען די פרייזען אויף זייער סחורה ווען עס איז נויטיג. דעריבער איז נויטיג צו באשיצען די ארבייטער אז זיי זאלען ניט דארפען פארלירען איבער דעם שטייגען פון פראדוקטען.

אט דער צושריפט האט גלייך געהאט א ווירקונג אויף די אגרימענטס וואס זיינען דעם מאנאט אונטערגעשריבען געווארען אין אונטערוועש טרייד און אנדערע פלעצער ווי דאס ווערט ווייטער באריכטעט. עס וועט נאך מער אלגעמיין באווירקען די אגרימענטס וועלכע וועלען דארפען באנייט ווערען אין די קומענדע מאנאטען ווען די אלטע אגרימענטס גייען אויס אין די וויכטיגסטע אפטיילונגען פון דער פרויען קליידער אינדוסטריע, ווי דער קלאוק טרייד אגרימענט אין ניו יארק און ענליכע.

## קלאוק דזשאינט באארד פארפעסטיגט אירע פאזיציעס

די קלאוק דזשאינט באארד אונטער דער פארוואלטונג פון וויס-פרעזידענט ישראל פיינבערג האט זיך גענומען צו פארשטארקען די פאזיציעס פון דער יוניאן און צוגרייטען זיך פאר דער באנייאונג פון אגרימענט קומענדען זומער. די ארבייט איז א דרייאיגע: ערשטענס האט די דזשאינט באארד זיך גענומען טיכטיג צו פארשפארען דעם וועג פאר דער ניט-יוניאן פראדוקציע דורך צווינגען ווי ווייט מעגליך די סטאר קיפערס צו פארקויפען בלויז קלאוקס מיטן קלאוק ריקאווערי לעיבעל, וואס עס מיינט, די וואס ווערען געמאכט אין יוניאן שעפער אונטער יוניאן באדינגונגען; צווייטענס, אריינצוקריגען אין ניו יארקער שעפער א גרעסערען טייל פון דער ביליגער ליין ארבייט, וועלכע איז ביז איצט געמאכט געווארען אויסערן שטאט און אין שעפער פון אנדערע טריידס; און דריטענס, דורך צוגרייטען א רעזערוו פאנד פאר דער יוניאן, צו זיין גרייט מיט אמוניציע ביים פארהאנדלען מיט די בעלי בתים.

אין דער פראגע פון צווינגען די סטאר קיפערס פארקויפען קלאוקס בלויז מיטן ריקאווערי לעיבעל, האט די דזשאינט באארד שוין פארצייכענט צוויי ערפאלגען. מיט עטליכע וואכען צוריק האט די פארוואלטונג פון „סאקס — 34טע סטריט סטאר” פארשפראכען, אז זיי וועלען נאכקומען די פאדערונג פון דער יוניאן. דעם מאנאט האט אורבאך'ס סטאר אויף 14טער גאס און יוניאן סקווער געגעבען אזא פארשפרעכען. מיט דער אורבאך פירמע איז עס ניט צוגעגאנגען אזוי לייכט. די פירמע האט געקויפט אירע מערסטע קלאוקס פון דער טרויעריג בארימטער טשיזלער פירמע „דזש. דזש. עלליס” געגען וועמען די יוניאן פירט א פארביטערטען קאמף פאר א גאנץ לאנגער צייט. די דזשאינט באארד איז געצוואונגען געווען דורכצופירען א פיקעט דעמאנסטראציע לעבען דער אורבאך סטאר. ערשט דאן איז זי ווייכער געווארען און איז איינגעגאנגען צו קאמפע-

---

30 לאקאל יוניאנס מיט איבער 10,000 מיטגלידער. עס איז געווען א פרייד צו הערען די באריכטען פון די דעלעגאטען וועגען דעם וואוקס און פראגרעס פון דער יוניאן אין די פארשידענע צענטערס. זיי האבען אנגעוויזען, אז די ארבייטער, וועלכע האבען נאך ניט לאנג צוריק געארבייט לאנגע שטונדען פאר די קלעגליכסטע שכירות, ארבייטען שוין איצט קירצערע שטונדען, און פארדינען 20—30 דאלאר א וואך און מער. זיי האבען אנגעוויזען אויף דער ענדערונג אין דער באציאונג צו דער יוניאן מצד דער געזעלשאפטליכער מיינונג און די ארבייטסגעבער, זייער דרך ארץ און אכטונג צו דער יוניאן און אירע פארטרעטער. דאס אינטערעסאנטסטע אבער איז געווען די ענדערונג אין די ארבייטער אליין. פילע פון די דעלעגאטען, וועלכע זיינען געווען פארטראטען ביי דער קאנפערענץ, זיינען נאך ערשט ניט לאנג אליין געווען געגנער פון דער יוניאן. זיי האבען מורא געהאט אז איבער דער יוניאן וועלען זיי פארלירען די דזשאבס און די שעפער. אט די מורא איז אינגאנצען פארשוואונדען. זיי פילען זיך איצט ווי פרייע מענשען וואס ווייסען זייער רעכט. עס איז אנטשטאנען א נייע קאדרע פירער און טוער אין אונזער יוניאן באוועגונג. זיי זיינען פון א גאנץ אנדער שניט. פרויען, וועמען דער יוניאן געדאנק איז געווען אינגאנצען פרעמד, זיינען איצט מענעדזשערס פון לאקאלס און ארגאנייזערס, פארשטייער פון אונזער ארגאניזאציע אין די געגענדען און פארטרעטען די יוניאן מיט שטאלץ און ווירדע ניט ערגער ווי וועטעראנען וועלכע האבען דורכגעמאכט אונזערע קאמפען און זיינען אנגעזאפט מיט אונזערע טראדיציעס”.

שבת אוונט האט די אינטערנעשאנעל יוניאן פון קענזעס סיטי ארראנזשירט א באנקעט פאר די דעלעגאטען און מיטגלידער. ווי א מתנה צו דעם באנקעט איז אנגעקומען די נייעס וועגען דער ענטשיידונג פון דער לייבאר ריליישאנס באארד געגען דער „דאנעלי גארמענט קאמפאני”. די נייעס האט ארויסגערופען גרויס פרייד צווישען די פארזאמעלטע.

די אנוועזענדע און געסט ביים באנקעט האבען אויסגעדריקט טיפע ליבע און אכטונג צו זייער פירער „פאפ” פערלשטיין, ווי זיי רופען אים, פאר זיין אונערמידליכער ארבייט און טיפען אינטערעס אין זייער לאגע. די דעלעגאטען האבען זיך צוזאמענגעלייגט און געקויפט פערלשטיינען א מתנה א „גרענדפאדהערס קלאק”. פרעזידענט דובינסקי איז פון די פארזאמעלטע פרעזענטירט געווארען מיט א אויל-מאלעריי. צום באנקעט זיינען אויך געקומען פארטרעטער פון די באסעס אסאסיאיישאנס פון קענזעס סיטי און סיינט לואיס און האבען אויסגעדריקט אנערקענונג צו פערלשטיינען און צו דער אינטערנעשאנעל פאר דער קאנסטרוקטיווער ארבייט וואס די יוניאן האט געטאן אין טרייד, פון וועלכער אויך זיי האבען גענאסען. אנשטאט די פריערדיגע כאאס און דעמאראליזאציע וואס האט דארט געהערשט איז דער מארקעט איצט סטאביליזירט.

רירען מיט דער יוניאן. ביים קאנפערענץ האט די פירמע פארשפראכען מער ניט צו פארקויפען קיין קלאוקס אן דעם ריקאווערי לעיבעל. די יוניאן ערווארט אז דאס זאל האבען א גינסטיגע ווירקונג אויף דזש. דזש. עלליס. אט דער קאמפיין ווערט איצט פארגעזעצט אויך געגען אנדערע סטארס.

וואס אנבאלאנגט דער פראגע פון קריגען פאר די ניו יארקער קלאוקמאכער א געהעריגען טייל פון דער ביליגער לייז קלאוקס צו וועלכע זיי זיינען בארעכטיגט, האט דזשענעראל מענעדזשער פיינבערג אויסגעארבייט א פלאן וועגען איינשטעלען ווי ווייט מעגליך איינהייטליכע פראדוקציאנס קאסטען און מעטאדען אום מעגליך צו מאכען פאר די ניו יארקער שעפער צו קריגען די ארבייט. פאר דעם צוועק ווערט געמאכט א גענויע אונטערזוכונג פון די קלאסען ארבייט וואס ווערען פראדוצירט אין די ניו יארקער שעפער. דער פלאן איז פארגעלייגט און גוטגעהייסען געווארען פאר דער באארד אוו דירעקטארס און, אין אלגעמיינע ליניעס, איז אויך פארגעלייגט געווארען פאר די עקזעקוטיוו באארדס פון לאקאל 117, לאקאל 9 און 35 און איז גוטגעהייסען געווארען.

צום צוגרייטען זיך פינאנציעל, האט ערשטענס די דזשאינט באארד איינגעשטעלט א שטרענגע עקאנאמיע אין דער פירונג פון דער דזשאינט באארד. דזשענעראל מענעדזשער פיינבערג האט אין זיין באריכט צו דער באארד אוו דירעקטארס אנגעוויזען אז די עקאנאמיע וואס ער האט איינגעפירט אין דער פארוואלטונג האט שוין געשניטען די אויסגאבען פון דער דזשאינט באארד מיט אומגעפער 1,500 דאלאר א וואך און ער פלאנעוועט ווייטערע איינשפארונגען. אויסער דעם איז געשאפען געווארען א קאמיטע פון אלע לאקאל מענעדזשערס אריינצוברענגען פראיעקטען ווי אזוי צו שאפען אן ארגאניזאציאנס פאנד.

## אין דער דרעס דזשאינט באארד און לאקאלס

אין דער דרעס דזשאינט באארד איז דעם מאנאט געוועזען פארהעלטניסמעסיג שטיל. אין טרייד איז ניט געוועזען פיל ארבייט און די יוניאן האט זיך מערסטענס אפגעגעבען מיט רוטינער ארבייט. דזשענעראל מענעדזשער האכמאן ארבייט איצט אויף עטליכע אלטע פראבלעמען וואס זיינען נאך אלץ ניט געלייזט. צווישען זיי זיינען די אוט אוו טאון פראגע, די טראקינג פראבלעם און די עטאבלירונג פון אן ארבייטס ביורא.

די אוט אוו טאון פראבלעם איז טיילווייז געלייזט געווארען וואס אנבאלאנגט די שעפער אין דער טעריטאריע ארום ניו יארק, וואו די דזשאינט באארד האט איבערגענומען דעם קאנטראל איבער די דרעס שעפער און ארבייט אין פולער קאאפעראציע מיטן אוט אוו טאון און דעם קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט. די פראגע איז אבער פיל קאמפליצירטער אין די אנדערע מארקעטס, ווייט פון ניו יארק וועלכע קאנקורירען מיטן ניו יארקער מארקעט. די איינציגע מעגליכע לייזונג פאר דעם מוז זיין אויף א נאציאנאלען מאסשטאב. עס מוזען געפינען ווערען וועגען און מיטלען ווי אזוי מער אדער ווייניגער אויסצוגלייכען די פראדוקציאנס קאסטען פון דרעסעס איבעראל. די פראגע וועט פארגעבראכט ווערען פאר דעם גענעראל עקזעקוטיוו באארד ביי דער קומענדער זיצונג.

מיט דער טראקינג פראבלעם איז די דזשאינט באארד נאך אלץ ניט פארטיג. געוויסע עלעמענטען פון די טראק בעלי בתים קענען זיך ניט אפגעוואוינען פון די עקסטרא פארדינסטען דורך פירען סקעב ארבייט. א פאר קעיסעס זיינען שוין דורכגעגאנגען די סטאדיע פון ארדערס פון אומפארטייאישען טשערמאן אין טרייד און זיינען אנגעקומען אין געריכט. אזוי שנעל ווי עס וועלען ארויסגעגעבען ווערען אנטשיידונגען אין די טעסט קעיסעס וועט די לאגע פיל קלארער ווערען.

די פראגע פון עטאבלירען א לעיבאר ביורא אום די ארבייטער זאלען ניט דארפען ארומגיין איבער די גאסען זוכען ארבייט דורך סאינס, האלט איצט ביים געלייזט ווערען. דזשענעראל מענעדזשער האכמאן באריכטעט, אז אלע פלענער פאר אזא ביורא זיינען פאקטיש פארטיג און אין די נעקסטע פאר וואכען וועלען אלע איינצעלהייטען פארעפענטליכט ווערען.

דער איבערגאנג פון וואך אויף שטיק-ארבייט אין דער ביליגער לייז שעפער, איז פאקטיש פארענדיגט. די רעזולטאטען פון דער ענדערונג איז א גינסטיגער פאר די ארבייטער. די פארדינסטען פון די אפרייטארס אין די שעפער האט זיך אין אלגעמיין באדייטענד פארגרעסערט. נאטירליך זיינען פאראן אויסנאמען, מערסטענס אין די שעפער וואו מען ארבייט סעקשאן ארבייט. דאס זיינען אבער בלויז איינצעלנע אויסנאמען וואס באשטעטיגען בלויז דעם כלל.

דער ארגאניזאציאנס דעפארטמענט אונטער דער פירערשאפט פון ברודער מעקס בליוסטיין גייט דערווילע אן מיט זיין שטענדיגער ארבייט פון ארגאניזירען יעדען נייעם שאפ וואס קומט אריין אין טרייד אדער ווערט ריארגאניזירט. לויט בליוסטיינ'ס באריכט זיינען אין די לעצטע צוויי וואכען פון סעפטעמבער יוניאניזירט געווארען 25 פירמעס. די מערסטע פון זיי זיינען נייע פירמעס וואס זיינען לעצטענס עטאבלירט געווארען. דריי-פינפטעל פון די פירמעס זיינען אין די ביליגע לאין דרעסעס ביז 4.75 דאלאר. דער באריכט פארן מאנאט אקטאבער איז נאך ניט פארעפנטליכט אין דער צייט וואס מיר גייען צום דרוק.

## לאקאל 22 שטיצט ארבייטסלאזע און קראנקע מיטגלידער.

דער דרעסמאכער לאקאל 22 האט לויט דעם באשלוס פון מעמבער מיטינג ארויסגעהאלפען זייערע נויטבאדערפטיגע מיטגלידער מיט אומגעפער 10,000 דאלאר פון דעם פאנד וואס איז געשאפען געווארען לעצטען פרילינג ווען די מיטגליער האבען בייגעשטייערט פאר דעם צוועק צען פראצענט פון זייערע פארדינסטען פאר צוויי וואכען צייט. ארום 500 אפליקאנטען האבען זיך געווענדעט צו דער ספעציעלער הילפס קאמיטע און יעדער פון זיי האט געקראגען אביסעל שטיצע לויט מעגליכקייט. די קאמיטע גייט נאך אן מיט איר ארבייט.

אויף דער רעקאמענדאציע פון מענעדזשער פון לאקאל, טשארלס זימערמאן, האט די רעליף קאמיטע פון לאקאל באשטימט א סומע פון 2,500 דאלאר פאר מעדיצינישער הילף צו מיטגלידער וואס זיינען אויסגעפונען געווארען דורך דער עקס רעי אונטערזוכונג צו לידען אויף אנדערע קראנקהייטען אויסער טובערקולאז. די טובערקולאז קראנקע ווערען געהאלפען פון דעם רעגולערען טובערקולאז פאנד פון לאקאל. די געלט ווערט באנוצט פאר ווייטערער מעדיצינישער באהאנדלונג פון די וואס נויטיגען זיך אין דעם. א באדייטענדער טייל פון די קראנקע לידען אויף הארץ קראנקהייט.

## אונטערוועש און נעגליזשי ארבייטער יוניאן באנייט אגרימענט

די אונטערוועש און נעגליזשי ארבייטער יוניאן לאקאל 62 האט דעם מאנאט באנייט דעם אגרימענט מיט אלע פיר אסאסיאיישאנס אין טרייד. דער נייער אגרימענט איז אונטערגעשריבען געווארען נאך לאנגע פארהאנדלונגען וואס האבען זיך געצויגען וואכען-לאנג און אין פאל פון דער קאנטראקטארס אסאסיאיישאן, איז די יוניאן געצוואונגען געווען צו דערקלערען א סטרייק אין זייערע שעפער אידער זיי האבען אונטערגעשריבען דעם נייעם אגרימענט.

איבער דער אומזיכערקייט אין דער אינדוסטריע, אלס רעזולטאט פון דער מלחמה אין אייראפע, האבען זיך די בעלי בתים פארמאסטען צו קריגען וויכטיגע קאנצעסיעס פון די ארבייטער. די יוניאן ווידער, אונטער דער פירערשאפט פון מענעדזשער סעמיועל שאר, האט גלייך פון אנהויב דערקלערט, אז די יוניאן וועט ניט אפטרעטען קיין ברעקעל פון די פאזיציעס וואס זי האט געוואונען און פארקערט, וועט נאך פאדערען איניגע פארבעסערונגען. אויסגעפירט האט די יוניאן. די שטונדען און שכירות זיינען געבליבען ווי געווען, די יוניאן האט אבער געוואונען איניגע פארבעסערונגען.

לאקאל 62 איז איצט די ערשטע יוניאן וואס האט באווארענט אירע ארבייטער מיט העכערונגען אויף די שכירות אין פאל די קאסטען אויף לעבענס-מיטלען וועלען שטייגען. דער לאקאל האט אויך געוואונען יוניאן אנערקענונג פאר די פלאר-מיידלאך, פינערס, פאלדערס און אנדערע סארטען ניט-געלערנטע ארבייטער וואס ווערען באשעפטיגט ביים פראדוצירען די קליידער וועלכע זיינען ביז איצט געווען ניט ארגאניזירט. איצט ווערען זיי יוניאן מיטגלידער מיט באדייטענדע פארבעסערונגען אין זייערע באדינגונגען.

דער סכסוך אין די קאנטראקטינג שעפער איז ארויסגעקומען איבער דעם וואס די קאנטראקטארס האבען געטענה'ט אז זיי קענען ניט נאכקומען די יוניאן באדינגונגען ווייל די מאנופעקטשורערס צאלען זיי ניט גענוג פאר דער ארבייט. די יוניאן האט קיין אנדער ברירה ניט געהאט און געמוזט דערקלערען די שעפער אין סטרייק. אויפן רוף פון דער יוניאן האבען 2,500 ארבייטער אין 120 שעפער געווארפען די ארבייט. דער סטרייק האט געדויערט פיר טעג. מענעדזשער שאר האט ענדליך צוזאמענגעבראכט די מאנופעקטשורערס מיט די קאנטראקטארס און געהאלפען אויסגלייכען דעם סכסוך צווישען זיי. די קאנטראקטארס אסאסיאיישאן האט באלד דערנאך אונטערגעשריבען דעם אגרימענט מיט דער יוניאן.

ווי סעמיועל שאר באריכטעט, זיינען דורך דער לעצטער צייט ארגאניזירט געווארען 28 אפען שעפער אין טרייד דורך דער אנגעשטרענגטער ארגאניזאציאנס ארבייט וואס די יוניאן האט אנגעפירט. ארום א העלפט פון די נייע ארגאניזירטע פירמעס זיינען דזשאבערס און די איבעריגע זיינען מאנופעקטשורערס און קאנטראקטארס. די פירמעס זיינען: מאקס קאנסטאנטין; סעם דארמאן; דזשאזעף די אנדזשעלא; ארנאלד עלבע; פאריז בראדערס; פארמאוסט; ס. אבער; הארבאוש; סי. צארהעלבאן; זשאבאור; קיאמיע; קאורי און קענוואוד מאנופעקטשורינג קאמפאני; מאקסאונד; ג. ענד דזש.; פערפעקט בלומער; ראוז א. ה. ריטש; סלאטא; ט. ענד ר.; טראובנאלל; ווערנא און ווינדזאר ראוב.

## לאקאל העלפט 33 טובערקולאז קראנקע וואס זיינען אויסגעפונען געווארען דורך די עקס-רעי אונטערזוכונגען.

דורך די עקס רעי אונטערזוכונגען וואס לאקאל 66 האט דורכגעפירט פאר אלע מיטגלידער מיט דער הילף פון שטאטישען געזונטהייט אפטיילונג און דער וו. פ. א. זיינען אנטדעקט געווארען 33 טובערקולאז קראנקע צווישען די מיטגלידער. די אלע קעיסעס זיינען אין די ערשטע סטאדיען און זיי האבען קיין אהנונג ניט געהאט אז זיי זיינען אנגעגריפען. דער לאקאל האט די קראנקע מיטגלידער גלייך באזארגט מיט פינאנציעלע מיטלען און באהאנדלונג, און עס איז זיכער אז זיי וועלען געראטעוועט ווערען און זיין אומשטאנד זיך צוריקקערען צו זייער באשעפטיגונג.

מיט דער עקס רעי אונטערזוכונג וואס דער לאקאל האט באזארגט די מיטגלידער האבען זיך באנוצט 6443 מעמבערס. יעדען מעמבער וואס איז אונטערזוכט געווארען האט דער לאקאל געלאזט וויסען זיין צושטאנד לויט דעם באריכט פון די דאקטוירים. די געזונטע זיינען אזוי ארום באפרייט געווארען פון שרעק און זארג. די קראנקע ווידער זיינען דורך דעם פארהיט געווארען פון פארנאכלעסיגען די קראנקהייט ביז עס וואלט שוין פיליכט געווען שווער זי צו קורירען. די מיטגלידער פילען דאס אלעס און זיינען באזונדערס דאנקבאר דער יוניאן פאר פארהיטען זייער געזונט.

## „לארד און טעילאר" און „מילגרים בראס." שרייבן אונטער אגרימענט מיט אינטערנעשאנעל

אין דעם קאמפיין וואס די אינטערנעשאנאל פירט אן דורך די לעצטע עטליכע מאנאטען צו ארגאניזירען די ארבייטער אין די רייכע פינפטע עווניו. סטארס וואו עס ווערען געמאכט די טייערע קליידער, איז דעם מאנאט פארצייכענט געווארען צוויי וויכטיגע ערפאלגען. צוויי פון די וויכטיגסטע פירמעס פון די סארטען קליידער זיינען געצוואונגען געווארען אונטערצושרייבען אגרימענטס מיט דער יוניאן און איינשטעלען יוניאן באדינגונגען פאר זייערע ארבייטער אין די קאסטום דרעסמייקערס, סעמפעל מאכער און אלטעריישאן דעפארטמענטס. די צוויי פירמעס זיינען „לארד און טעילאר דעפארטמענט סטאר" און „מילגרים ענד בראדערס".

דער אגרימענט מיט „לארד ענד טעילאר" איז אונטערגעשריבען געווארען נאך לאנגע קאנפערענצען מיט דער פארוואלטונג. די אלטעריישאן ארבייטער פון דער

פירמע האבען דורך דעם אגרימענט געוואונען א קלאוזד יוניאן שאפ, א זיבען און דרייסיג א האלב שטונדען וואך, א העכערונג פון צען פראצענט אויף די שכירות, צוויי וואכען וואקאציע אין יאר מיט געצאלט, זיבען באצאלטע ימים טובים און אנדערע יוניאן באדינגונגען.

מילגרים בראדערס ווידער, איז איצט צום ערשטען מאל געלונגען צו ארגאניזירען אלע דעפארטמענטס פון דער פירמע, אנשטאט וואס ביז איצט זיינען בלויז צוויי דעפארטמענטס געווען יוניאניזירט.

מילגרים בראדערס באשעפטיגט ארום 400 ארבייטער אין פינף דעפארטמענטס. צוויי פון די דעפארטמענטס, די לעדיעס טעילארס און די רעדי מעיד דרעס אפטיילונג זיינען געווען יוניאניזירט און האבען געארבייט אונטער אגרימענטס מיט דער יוניאן. די אנדערע דריי דעפארטמענטס האבען געארבייט אונטער ניט־יוניאן באדינגונגען. אלע אנשטרענגונגען ביז איצט צו צווינגען דער פירמע אונטערצושרייבען אן אגרימענט פאר די אנדערע אפטיילונגען איז ניט געלונגען.

אין דעם איצטיגען קאמפיין וואס די אינטערנעשאנאל פירט אן צו ארגאניזירען די ארבייטער אין די טייערע ליינס קאסטאם ארבייט, האט זי זיך ווידער גענומען ענערגיש ארבייטען צווישען די ארבייטער אין די דעפארטמענטס פון מילגרים בראדערס. נאך לאנגע פארהאנדלונגען מיט דער פירמע אנגעפירט פון דער ארגאנייזערין פייגעל לעווין און דער לאיער פון דער יוניאן עליעס ליבערמאן, איז ענדליך געלונגען צו קריגען אן אגרימענט וואס יוניאניזירט פולשטענדיג אלע פרויען קליידער ארבייטער פון דער פירמע.

אין די דריי דעפארטמענטס פאר וועלכע עס איז איצט אונטערגעשריבען געווארען דער אגרימענט זיינען באשעפטיגט הונדערט און זעכציג ארבייטער. דורך דעם אגרימענט האבען זיי געוואונען קלאוזד יוניאן שאפ, א העכערונג פון זעקס פראצענט אויף די שכירות און די ארבייטס שטונדען זיינען פארקירצט געווארען פאר די קאסטאם דרעסמאכער און סאמפעל מאכער — פון 40 שטונדען אויף 35 שטונדען א וואך און פאר די אלטעריישאן ארבייטער פון 52 שטונדען צו 37 א האלב שטונדען א וואך.

ווי ארגאנייזערין פייגעל לעווין מעלדעט, גייען איצט אן פארהאנדלונגען מיט נאך פירמעס פון דעם קלאס, צווישען זיי אויך מיט מעקרירי'ס דעפארטמענט סטאר אויף 34טע סטריט און פינפטע עוועניו. דער קאמפיין צווישען די ארבייטער פון די אנדערע פירמעס אין דער ליין ווערט ענערגיש פארגעזעצט.

# פארהער וועגען מינימום־ווידזש פאר ניט־גודס ארבייטער אין וואשינגטאן

ווען מיר גייען צום דרוק מיט דעם נומער „גערעכטיגקייט" גייט אן אין וואשינגטאן א פארהער וועגען באשטימען מינימום געהאלט און מאקסימום ארבייטס־שטונדען פאר די ארבייטער אין דער ניט־גודס אינדוסטרי, אונטער דעם שטונדען־שכירות געזעץ.

דער פארהער פון דער קאמיטע וועט אנהאלטען דריי אדער פיר טעג. די קאמיטע באשטייט פון 18 מענשען, 6 פון די ארבייטסגעבער, 6 פון די ארבייטער און 6 פון פובליקום. די זעקס פארטרעטער פון די ארבייטער אויף דער קאמיטע זיינען אלע פירער פון דער אינטערנעשאנאל אין די פארשידענע שטעט. די קאמיטע באשטייט פון פרעזידענט דובינסקי, לואיס נעלסאן, פון לאקאל 155, פון ניו יארק; סעמיועל אטא, מענעדזשער פון דער דזשאינט באארד פון פילאדעלפיע; י. האלפערן, אינטערנעשאנאל ארגאנייזער אין באסטאן, אברהם קאטאפסקי, מענעדזשער פון דער קליוולאנד דזשאינט באארד און דזשעני מעטהיאס, אינטערנעשאנאל ארגאנאיזערין פון סאן פראנציסקא.

ווי פרעזידענט דובינסקי ערקלערט, קומען די אינטערנעשאנאל פארטרעטער צו דער קאמיטע גוט צוגעגרייט מיט פאקטען און ציפערען, צו באווייזען ווי נויטיג עס איז פאר דעם וואוילזיין פון די ארבייטער און דער אינדוסטרי אלס גאנצער צו באשטימען א מינימום פון פערציג סענט א שטונדע אין דער ניט־גודס אינדוסטרי. דער ריסוירטש דעפארטמענט פון דער אינטערנעשאנאל אונטער דר. לאזאר טעפער, האט צוגעגרייט וויכטיגע טאבעלען און סטאטיסטישע מאטעריאלען וועלכע ווייזען קלאר, אז די אינדוסטרי קען צאלען אזוינע מינימומס; אז דאס וועט ניט פארקלענערען די מאס ארבייט אין דער אינדוסטרי און אז די אינדוסטרי וועט דורך אזא מינימום ניט ליידען. דער לאיער פון דער אינטערנעשאנאל עליעס ליבערמאן האט פאר דער יוניאן אויך צוגעגרייט אלע נויטיגע מאטעריאלען וועגען דעם ענין. גען. ליבערמאן האט פארטראטען פילע פון די אינטערנעשאנאל לאקאלס ביי פארהערען אין וואשינגטאן און ער איז אן עקספערט איבער די פראגען.

דער ווידזש־אור־אדמיניסטראטאר האט איינגעטיילט די ניט־גודס אינדוסטרי אין צוויי טיילען. אונטער ניט־וועיר, דאס הייסט דער טייל פון דער אינדוסטרי וואס ארבייט אויס אויבערשטע קליידער פון געשטריקטע וואארעס, ווי סוועטערס, קאוטס, סקוירטס און ענליכע און די ניטעד אנדערוועיר, וואס הייסט אונטערוועש געמאכט פון געשטריקטע וואארעס. פאר יעדע פון די צוויי טיילען האט ער באשטימט א באזונדער קאמיטע. דער פארהער פון די אויבערשטע געשטריקטע בגדים האט זיך ערעפענט דעם 25טען אקטאבער און דער פארהער פאר דעם צווייטען טייל פון דער אינדוסטרי פאנגט זיך אן דעם 30טען אקטאבער. אויך אויף דער צווייטער קאמיטע איז פרעזידענט דובינסקי איינער פון די ארבייטער פארטרעטער צוזאמען מיט סעמיועל שאר, מענעדזשער פון לאקאל 62, וויס־פרעזידענט הערי וואנדער, פון דעם איסטערן אוט־אוו־טאון דעפארטמענט און דזשאהן מארטין, אינטערנעשאנאל פארטרעטער אין דער סאוטה. די קאמיטע באשטייט פון 24 מיטגלידער צו 8 פון יעדען צד. אלס פארטרעטער פון די ארבייטער, זיינען דארט אויסער די פיר פון דער אינטערנעשאנאל וואס ווערט פריהער דערמאנט, אויך עמיל ריווע, פרעזידענט פון דער טעקסטיל יוניאן און 3 אנדערע פון דער יוניאן.

# טשילדרען דרעסמאכער יוניאן גרייט זיך באנייען אגרימענט

די טשילדרען דרעס, הויז דרעס און באטהראב ארבייטער יוניאן לאקאל 91, האט אויפגעפאדערט די אסאסיאיישאן פון בעלי בתים אין טשילדרען דרעס טרייד אנצוהויבען קאנפערענצען מיט דער יוניאן וועגען א נייעם אגרימענט. דער איצטיגער אגרימענט גייט אויס דעם 31טען דעצעמבער און לויט די באדינגונגען דארפען די פארהאנדלונגען זיך אנהויבען אין נאוועמבער.

לויט הערי גרינבערג, מענעדזשער פון לאקאל, וועט די יוניאן פאדערען פארשידענע פארבעסערונגען סיי אין די שכירות פון די ארבייטער און סיי אין א שטרענגערען קאנטראל אין דער אינדוסטריע. די יוניאן וועט אויך זוכען מער קאנטראל אויף דער ארבייט וואס ווערט ארויסגעשיקט אויפצומאכען אויסען שטאט ווייטער ווי די 25 מייל וואס דער איצטיגער אגרימענט שרייבט פאר. די יוניאן איז אויך אנטשלאסען צו קריגען יוניאן אנערקענונג פאר די שיפינג קלוירקס און פארבעסערען זייערע ארבייטס באדינגונגען. א גרויסע צאל שיפינג קלוירקס האבען זיך לעצטענס אנגעשלאסען אן דער יוניאן.

קאנקרעט האט די יוניאן איבערגעגעבען די פארטרעטער פון דער אסאסיעישאן די פאלגענדע 12 פאדערונגען:

1) אפשאפען דעם פונקט אין אגרימענט וואס באגרענעצט די פארפליכטונג פון די בעלי־בתים צו מאכען זייער ארבייט אין יוניאן־שעפער, צו א שטח פון 25 מייל ארום ניו יארק און אריינשטעלען א פונקט אז זייער גאנצע ארבייט — וואו דאס זאל ניט פראדוצירט ווערען, מוז זיין אין יוניאן־שעפער.

2) אלע שיפינג קלוירקס, סטאק־קלוירקס און אלע אנדערע ארבייטער פון שיפינג דעפארטמענט מוזען זיין מיטגלידער פון דער יוניאן און ארבייטען אונטער די באדינגונגען פון אגרימענט, בנוגע שכירות, ארבייטס־שטונדען און אנדערע רעגולאציעס.

3) די ארבייטס־שטונדען זאלען פארקלענערט ווערען פון 37½ שטונדען אויף 35 שטונדען א וואך.

4) פרייזען אויף שטיק־ארבעט זאל געהעכערט ווערען מיט צען פראצענט און אלע וואס ארבייטען פון וואך זאל זייערע שכירות געהעכערט ווערען מיט צוויי דאלאר א וואך.

5) אלע איצטיגע מינימום סקעילס זאלען געהעכערט ווערען מיט צוויי דאלאר א וואך.

6) עס זאל איינגעשטעלט ווערען אין אלע שעפער גלייכמעסיגע פעי־ראל ביכער און יעדע וואך זאל א קאפיע פון דער פעי ראל אריינגעשיקט ווערען אין אפיס פון דער יוניאן. די יוניאן זאל אויך האבען דאס רעכט צו אונטערזוכען די ביכער פעריאדיש אפילו ווען עס זיינען נישטא קיין ספעציעלע קלאגען געגען דער פירמע, אום פעסטצושטעלען אויב די מינימום סקעילס ווערט געצאלט.

7) עס זאלען אריינגעשריבען ווערען באשטימטע שטראפען פאר איבערטרעטען די פארשידענע פארשריפטען פון דעם אגרימענט.

8) די פראבע־צייט פאר נייע ארבייטער זאל פארקירצט ווערען פון צוויי וואכען צו איין וואך, און בלויז מיטגלידער פון דער יוניאן זאלען אנגעשטעלט ווערען צו דער ארבייט.

9) בלויז צען פראצענט פון די ארבייטער, אין וועלכען עס איז דעפארטמענט, זאלען מעגען ארבייטען אונטערן סקעיל (לערנערס און באזונדערס אומפייאיגע פאר וועלכע די יוניאן מאכט אן אויסנאם) אנשטאט וואס ביז איצט איז עס געווען 20 פראצענט.

10) אלע בעלי בתים זאלען צאלען א גלייכען פראצענט פון זייערע פעי־ראלס פאר די ארבייטער און איין פראצענט פון זייערע אויסצאלונגען צו קאנטראקטארס, פארן וואקאציע פאנד.

11) די אסאסיאיישאן זאל נעמען אויף זיך פולע פאראנטווארטליכקייט פאר אלע געלט וואס עס וועט קומען צו די ארבייטער פון די פירמעס פון זייערע מיטגלידער, צי דאס איז בעק־פעי פאר ניט צאלען די סקעיל, פארהאלטענע שכירות, עקסטרא געצאלט פאר אווערטאים, די פראצענטען צום וואקאציע־פאנד, אדער וועלכע עס איז אנדערע געלט וואס די פירמע האט ניט באצאלט.

12) די מאשינערי צו שליכטען סכסוכים זאל אויסגעבעסערט ווערען אום די פארטרעטער פון דער יוניאן און אסאסיאיישאן זאלען זיי קענען שנעל סעטלען. א פונקט זאל אריינגעשריבען ווערען אז אלע קלאגען וואס ווערען אריינגעבראכט פון דער יוניאן אדער דער אסאסיאיישאן זאלען געסעטעלט ווערען פון די פארטרעטער פון ביידע צדדים אין משך פון 24 שטונדען. אויב זיי קענען זיך ניט אייניגען זאל דער אימפארשעל טשערמאן האלטען א פארהער און ארויסגעבען זיין ענטשיידונג ניט שפעטער ווי 48 שטונדען נאכדעם ווי דער סכסוך איז פאר אים פארגעלייגט געווארען.

א מיטינג פון שאפ טשערלייט פון די טשילדרען דרעס שעפער איז אפגעהאלטען געווארען דעם 19טען אקטאבער אין אפיס פון דער יוניאן וואו מענעדזשער גרינבערג האט זיי באריכטעט וועגען די פאדערונגען וואס די יוניאן שטעלט ארויס און וועגען דעם ערשטען קאנפערענץ וואס איז געהאלטען געווארען מיט פארטרעטער פון דער אינדוסטריעל אסאסיאיישאן אוו דזשאווועניל אפארעל מאנופעקטשורערס. די טשערלעידיס האבען איינשטימיג גוטגעהייסען די פאדערונגען. א מאסען פארזאמלונג פון די מיטגלידער וועט געהאלטען ווערען אין קופער יוניאן דעם 30טען נאוועמבער, וואו די לאגע וועט פאר די מעמבערס פארגעלייגט ווערען.

# וויכטיגע דערגרייכונגען אין דער עמבראידערי יוניאן לאקאל 66

רעדענדיג מיטן מענעדזשער פון דער עמבראידערי ארבייטער, טאקערס, פליטערס און סטיטשערס יוניאן לאקאל 66, זכריהו פרידמאן, וועגען די דערגרייכונגען פון דער יוניאן זינט דער אגרימענט אין טרייד איז באנייט געווארען, ווייזט ער אן, אז כאטש די ארבייטען ווערען געטאן שטיל, אן טומעל, זיינען דאך די דערגרייכונגען פאר די ארבייטער גאנץ באדייטענד. די עמבראידערי יוניאן, ווייזט אן פרידמאן, האט פאר זיך געהאט אן אנדער סארט פראבלעם ווי די מערסטע יוניאנס אין אונזער אינטערנעשאנאל. איבער דעם כאראקטער פון די אקסעסארי טריידס אין וועלכע די מיטגלידער פון דער יוניאן ווערען באשעפטיגט, פאסירט אפט שנעלע ענדערונגען. עס איז סלעק אין איינע פון

די פאַכען, ווייל די סאָרט טרימונגס איז ניט אין דער מאָדע, און אַט ווערט פלוצלונג אַזוי ביזי אין דעם פאַך אַז עס פעלען אויס אַרבייטער. די יוניאָן מוז אונטער די באַדינגונגען ערלויבען נייע מענשען אַריינצוגיין אין טרייד, וועלכע אַרבייטען אַלס לערנערס אונטערן יוניאָן סקעיל. די בעלי בתים נאַטירליך איילען זיך ניט צו העכערען זייערע שכירות אַזוי שנעל ווי זיי לערנען זיך אויס בעסער אַרבייטען. איבער דעם האָט עס פּאַסירט אַז אין אַרום 120 שעפּער, אָדער אין אַ דריטעל שעפּער פון טרייד, זיינען געווען אַ געוויסע צאָל אַרבייטער וואָס האָבען ניט געקראָגען די סקעיל. אין איניגע שעפּער זיינען געווען אַזוינע אַרבייטער אין אַ באַדייטענדער צאָל און זייערע שכירות זיינען געווען זעהר נידעריג. דורך די לעצטע דריי מאָנאַטען האָט די יוניאָן זיך גענומען אַרומקוקען וועגען דעם איבעל.

דער סך הכל פון דעם וואָס די יוניאָן האָט אויפגעטאָן אין דער אַנגעלעגענהייט, לויט פרידמאַנ'ס ערקלערונג, איז אַז פאַר אַרום פינף הונדערט אַזוינע אַרבייטער האָט די יוניאָן געקראָגען באַלדיגע העכערונגען פון אַ דאָלאַר ביז דריי דאָלאַר אַ וואָך און האָט זיי איינגעשטעלט אויף אַ „סליידינג סקעיל“, ביז זיי וועלען דערגרייכען די יוניאָן מינימומס אין טרייד. די העכערונגען וואָס זיי דאַרפען קריגען איז פאַרשידען לויט די שכירות וואָס זיי האָבען פריער געקראָגען און ווי ווייט זיי זיינען געווען פון דעם מינימום. פאַר איניגע איז איינגעשטעלט געוואָרען אַז זיי זאָלען קריגען אַ העכערונג פון איין דאָלאַר יעדע וואָך; אַנדערע ווידער דאַרפען קריגען די העכערונגען יעדע צוויי וואָכען אָדער יעדען מאָנאַט.

די עמבראָידערי יוניאָן האָט אויך דורך די דריי מאָנאַטען אָרגאַניזירט אַרום 30 אָפען שעפּער. דאָס זיינען פאַקטיש אַלע שעפּער וואָס האָבען אַ וועלכען עס איז ווערט אין טרייד. די ווירקונג וואָס די טעטיגקייט און דערגרייכונגען האָבען געהאַט אויף די מיטגלידער פון דער יוניאָן, קען מען צום בעסטען זען אין דעם ענטוזיאַזם פון די מיטגלידער ביי די לאָקאַלע מיטינגען וועלכע ווערען אָפּגעהאַלטען רעגעלמעסיג אַלע מאָנאַט און ביי די שאָפּ-טשערמאַן מיטינגען. לאָקאַל 66 איז איינער פון די דעמאָקראַטישסטע לאָקאַלס אין דער יוניאָן, יעדער איינער קריגט די געלעגענהייט צו רעדען ווען ער וויל עס און ווערט אויסגעהערט מיט אויפמערקזאַמקייט און טאָלעראַנץ.

## גענעראַל סטרייק אין קאָווערד באַטאָן טרייד

די קאָווערד באַטאָן און באָקל אַרבייטער יוניאָן לאָקאַל 121 האָט דעם מאָנאַט גערופען אַ גענעראַל סטרייק אין טרייד.

דער אַגרימענט מיט די צוויי אַסאָסיאיישאַנס, די קאָווערד באַטאָן קריאייטאָרס און די נעשאָנעל, איז אויסגעגאַנגען דעם 25טען סעפּטעמבער. די יוניאָן האָט אין די פאַרהאַנדלונגען פאַר אַ נייעם אַגרימענט אַרויסגעשטעלט עטליכע פאָדערונגען, די וויכטיגסטע פון וועלכע זיינען אַ העכערונג פון צוויי דאָלאַר אַ וואָך אויף די שכירות פון אַלע אַרבייטער און אַז בלויז יוניאָן מיטגלידער זאָלען באַשעפטיגט ווערען אין די שעפּער.

ווען די פאַרהאַנדלונגען האָבען ניט געבראַכט קיין רעזולטאַטען, האָט די יוניאָן אַרונטערגערופען אַלע אַרבייטער פון טרייד אין סטרייק. אַרום 750 בעלי מלאכות זיינען אַרונטער און די אַרבייט אין 75 שעפּער איז אָפּגעשטעלט געוואָרען. איינע פון די אַסאָסיאיישאַנס און פילע אינדעפּענדענט פירמעס האָבען שוין געסעטעלט און אונטערגעשריבען דעם נייעם אַגרימענט. די איבעריגע שעפּער, איינגעשלאָסען די שעפּער פון די מעמבערס פון דער נעשאָנעל, זיינען נאָך אין סטרייק.

ווי דזשעק מאַרגאָליס, מענעדזשער פון לאָקאַל, דערקלערט, זיינען שוין אַרום דריי-פערטעל פון די סטרייקער צוריק ביי דער אַרבייט אין די געסעטעלטע שעפּער. דער סטרייק געגען די איבעריגע פירמעס ווערט פאַרזעצט ענערגיש.

## אין איסטערן אוט אָוו טאַון דעפּאַרטמענט

וויס פּרעזידענט הערי וואַנדער, מענעדזשער פון איסטערן אוט אָוו טאַון דעפּאַרטמענט, באַריכטעט, אַז אין דער טעריטאָריע וואָס שטייט אונטער זיין קאָנטראָל איז דעם מאָנאַט געווען באַזונדערס לעבעדיג. אַ חוץ דער געוויינליכער טעטיגקייט פון קאָנטראָלירען די באַדינגונגען אין די שעפּער, באַנייען אַגרימענטס ווען זיי גייען אויס און אָרגאַניזירען נייע שעפּער, איז דעם מאָנאַט צוגעקומען די אַקציע אין פאַרבינדונג מיט דעם סטרייק אין די אונטערוועש קאָנטראַקטינג שעפּער וואָס לאָקאַל 62 האָט דורכגעפירט אין ניו יאָרק. אין פאַרבינדונג מיט דער אַרבייט זיינען 26 שעפּער אין דער טעריטאָריע פון דעם דעפּאַרטמענט אַרונטער אין סטרייק. דאָס האָט נאַטירליך זעהר פיל געהאָלפען אַז דער סטרייק אין ניו יאָרק זאָל וואָס שנעלער געסעטעלט ווערען. די אַרבייטער אין די שעפּער אוט אָוו טאַון האָבען אויך געקראָגען די באַדינגונגען אויף וועלכע דער סטרייק אין ניו יאָרק איז געסעטעלט געוואָרען.

אין קאָאָפּעראַציע מיט דער לינזשערי און נעגליזשי יוניאָן איז לעצטען מאָנאַט אויך דערקלערט געוואָרען סטרייקס אין דריי שעפּער אוט אָוו טאַון וועלכע האָבען געאַרבייט פאַר ניו יאָרקער דזשאָבערס. לאָקאַל 62 האָט געבעטען דעם אוט אָוו טאַון דעפּאַרטמענט אָפּצושטעלען די אַרבייט פאַר די צוויי דזשאָבערס „קיאַמי“ פון 31 איסט 32טע סטריט און „סלאַוט אַנדערגאַרמענט“ פון 72 מעדיסאָן עוועניו. הערי וואַנדער האָט גלייך באַפוילען אַרונטערצונעמען די אַרבייטער אין דער „עליזאַבעט אַנדערוועער“ אין עליזאַבעט און דער „געטדאַרפמאַן קאָמפּאַני“ פון פּערט עמבאָי וועלכע אַרבייטען פאַר דער קיאַמי, און פון דער „נוּאַרק סליפּ קאָמפּאַני“ אין נוּאַרק וואָס אַרבייט פאַר „סלאַוט אַנדערגאַרמענט“. אין משך פון צוויי טעג זיינען די דזשאָבערס געצוואונגען געווען צו סעטלען און די אַרבייטער אין די דריי שעפּער זיינען צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבייט.

### סטרייק געגען „יעלאָו דאָג“ קאָנטראַקט.

די אַרבייטער פון דער „דזשאַקי מאַנופעקטשורינג קאָ.“ פון דזשוירזי סיטי זיינען אַרונטער אין סטרייק ווען דער באָס האָט געזוכט צו צווינגען זיי צו פאַרשפּרעכען אַז זיי וועלען ניט באַלאַנגען צו דער יוניאָן. ווען די אַרבייטער האָבען זיך אָנטזאָגט האָט ער פיר אַרבייטער אָוועקגעשיקט און די יוניאָן האָט דעם שאָפּ ערקלערט אין סטרייק.

דער שאָפּ איז ביז לעצטען אויגוסט געווען אַן אָפען שאָפּ. דעם עלפטען אויגוסט זיינען 30 אַרבייטער אַרונטער אין סטרייק געגען די לאַנגע שטונדען און קלעגליכע שכירות. דער נוּאַרקער לאָקאַל פון טשילדרען דרעסמאַכער אונטער דער פירערשאַפט פון שוועסטער סיידי רייש האָט איבערגענומען דעם סטרייק און אין גיכען האָבען זיך אַלע אַרבייטער אָנגעשלאָסען אָן דער יוניאָן. אַזוי ווי די פירמע האָט באַהויפּטעט אַז זי גייט אַרויס פון ביזנעס, האָט די יוניאָן איינגעשטימט צו מאַכען אַ צייטווייליגען אַגרימענט, איינשטעלענדיג אַ 40 שטונדען וואָך און אַ מינימום פון 14 דאָלאַר, מיט דער באַדינגונג, אַז אויב די פירמע בלייבט אין ביזנעס, וועט זי אונטערשרייבען אַ רעגעלען אַגרימענט. די פירמע האָט אָבער חרטה געהאַט און ערקלערט אירע בעלי מלאכות אין אַ צירקולאַר, אַז זי וועט בלייבען אין ביזנעס אויב די אַרבייטער וועלען אונטערשרייבען אַ פּעטיציע אַז זיי ווילען ניט האָבען צו טאָן מיט דער יוניאָן און שטימען איין צו אַרבייטען אויף אָפען שאָפּ באַדינגונגען. פון די וואָס האָבען זיך אָנטזאָגט אונטערצושרייבען די פּעטיציע האָט די פירמע אָוועקגעשיקט פיר. די יוניאָן האָט גלייך געענטפערט מיט אַ סטרייק און אויך פאַרקלאָגט די פירמע פאַר דער לייבאָר רילעישאַנס באָאַרד.

### העכערע שכירות פאַר די אַרבייטער אין באַנייטע אַגרימענטס.

אין אַ גאַנצער רייע שעפּער אונטערן קאָנטראָל פון דעם אוט אָוו טאַון דעפּאַרטמענט זיינען לעצטענס באַנייט געוואָרען די אַגרימענטס. אין די מערסטע שעפּער האָבען די אַרבייטער געקראָגען העכערונגען אויף די שכירות. בלויז אין אַזוינע שעפּער וואו די פאַרדינסטען פון די אַרבייטער זיינען געווען גוט איז די שכירות פאַרבליבען ווי פריער. אין אַלע נייע אַגרימענטס זיינען איינגעשריבען געוואָרען די פונקטען וועגען אויטאָמאַטישע העכערונגען אין פאַל די פרייזען פון לעבענסמיטלען שטייגען, לויט דעם צושריפט פון פּרעזידענט דובינסקי.

דער אַגרימענט מיט דער „ברוקסייד מאַנופעקטשורינג קאָמפּאַני“ פון טשאַטהאַם, ניו יאָרק, איז באַנייט געוואָרען מיט פאָלגענדע העכערונגען: אַלע אַרבייטער וואָס קריגען דעם סקעיל אָדער מער קריגען אַ העכערונג פון 7½ פּראָצענט. נייע אַרבייטער וואָס האָבען געאַרבייט אונטערן סקעיל קריגען גלייך אַ העכערונג פון צוויי דאָלאַר אַ וואָך. באַדייטענדע העכערונגען איז אויך געקראָגען געוואָרען פאַר די קאַטערס.

דער אַגרימענט איז אויך באַנייט געוואָרען מיט „לואיס בענדעט“ פון דזשוירזי סיטי מיט אַ העכערונג פון פינף פּראָצענט אויף די שכירות פון אַלע אַרבייטער און צוויי דאָלאַר אַ וואָך פאַר די קאַטערס. די קאַטערס וועלען אויך קריגען ווייטערע העכערונגען אין משך פון דעם אַגרימענט.

אויך מיט טעאָדאָר גאָערס אונטערוועש פירמע פון קאַרלשטאַט, ניו דזשוירזי, איז דער אַגרימענט באַנייט געוואָרען מיט באַדייטענדע העכערונגען אויף די שכירות פאַר אַלע אַרבייטער. אַנדערע שעפּער, וואו די אַגרימענטס זיינען באַנייט געוואָרען מיט העכערונגען זיינען: די „דיקסי אַנדערגאַרמענט“ פון וועסט ניו יאָרק, ניו דזשוירזי, וואו עס אַרבייטען 60 בעלי מלאכות; „טרילקאָ קאָמפּאַני“ פון יוניאָן סיטי, און דער „פריינק ראַבינאָוויץ“ באַטהראָב שאָפּ פון איסט נוּאַרק.

## אין קאָטאָן גאַרמענט טרייד דעפּאַרטמענט

אין די שטעט און שטעטלאַך אין פאַרשידענע סטעיטס וואָס שטייען אונטערן קאָנטראָל פון דעם קאָטאָן גאַרמענט טרייד דעפּאַרטמענט אונטער דער פירערשאַפט פון וויס-פּרעזידענט עלייעס רייזבערג, גייט אָן אַן ענערגישער אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין מיט באַדייטענדען ערפאָלג.

באַזונדערס ענערגיש איז דער קאַמפּיין אין סקירט טרייד אין וואָוסטער, מאַסאַטשוסעטס, און די באַנייטע אָרגאַניזאַציאָנס טעטיגקייט אין פּאָרטלאַנד, מעין. אַ רייע דרעס און אונטערוועש שעפּער האָבען שוין דערפילט דעם דרוק פון דער יוניאָן און מען קען אין גיכען ערוואַרטען אַ רייע סעטעלמענטס.

### קאָנפערענצען מיט רעינקאָוט מאַנופעקטשורערס וועגען באַנייען אַגרימענט.

אינטערנעשאָנאַל אָרגאַנייזער י. האַלפּערין און ניטען באַרקער מענעדזשער פון לאָקאַל 24, צוזאַמען מיט אַ קאָמיטע פירען איצט אָן קאָנפערענצען מיט דער רעינוועער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן פון באָסטאָן וועגען באַנייען דעם אַגרימענט אין טרייד וועלכער איז אויסגעגאַנגען אָנפאַנג סעפּטעמבער. די יוניאָן פאָדערט אַ פאַרקירצונג פון די אַרבייטס-שטונדען פון 40 אויף 35 שטונדען אַ וואָך; אַ העכערונג אויף די שכירות גענוג אַז די אַרבייטער זאָלען קענען פאַרדינען די זעלבע שכירות וואָס ביז איצט אין די קירצערע שטונדען; אַנדערהאַלבען מאָל געצאָלט פאַר אָווערטיים; דריי געזעצליכע ימים טובים און אויסבעסערונגען אין דער דורכפירונג פון דעם אַגרימענט.

נאָכדעם ווי וויס-פּרעזידענט רייזבערג האָט זיך באַטייליגט אין איינעם פון די קאָנפערענצען מיט די פאַרטרעטער פון דער אַסאָסיאיישאָן, האָבען ביידע צדדים איינגעשטימט עס איבערצוגעבען צו אַ סאַב-קאָמיטע פון דריי פון יעדען צד צו פאַרהאַנדלען וועגען אַן אויסגלייך.

ווען מיר גייען צום דרוק, האַלט עס ביי אַן אויסגלייך און מען קען ערוואַרטען אַז דער נייער אַגרימענט וועט אין גיכען אונטערגעשריבען ווערען.

### „וואָלף ניטינג מילס“ באַנייען אַגרימענט מיט אויסבעסערונגען.

נאָך עטליכע מאָנאַטען פאַרהאַנדלונגען איז אַן אַגרימענט באַנייט געוואָרען מיט דער „וואָלף ניטינג מילס“ פון לאָוועל, מאַסאַטשוסעטס, וואו עס אַרבייטען 100 בעלי מלאכות.

דורך דעם נייעם אַגרימענט האָבען די אַרבייטער

עקראגען א קלאוזד יוניאן שאפ, א 40 שטונדיגע אר־ ייטס־וואך, א העכערונג פון צען פראצענט אויף די רייזען פאר שטיק־ארבייט און די מינימומס זיינען גע־ העכערט געווארען צו 45 סענט א שטונדע. וויס־ רעזידענט רייזבערג און סטעיט סופּעראינטענדענט ון דעם דעפּארטמענט י. האלפּערין האבען אנגעפירט י פארהאנדלונגען.

## דרעס קאנטראקטארס אין פענסילווייניע געצוואונגען נאכצוקומען באשלוס פון אימפארשעל טשערמאן.

פאר א שטיקעל צייט האט עס אויסגעזען אז עס וועט קומען צו אן ערנסטען קאמף צווישען דער יוניאן מיט די קאנטראקטארס פון דרעסעס אין פענסילווייניע. ווען דער פארלאנג פון די קאנטראקטארס פאר א באַ־ ייטענדען דיפערענשעל אין פרייזען איז צוריקגעוויזען געווארען פון אימפארשעל טשערמאן, האבען זיי זיך אנטזאגט אויסצופאלגען די אנטשיידונג און אנגעהויבען א העצע צו שאפען שטימונג געגען דער יוניאן. די אסאסיאיישאן האט זיי דאן סוספענדירט און די קאנטראקטארס האבען געפלאנעוועט צו אפרייסען זיך אין גאנצען פון דער אסאסיאיישאן. די יוניאן האט זיי אבער שנעל געגעבען א לעקציע. א מיטינג פון אלע טשערלעידיס פון די שעפער וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין איסטאן האט אנגענומען א רעזאלוציע געבענדיג דער יוניאן פולמאכט אנצואווענדען אלע נויטיגע מיטלען צו צווינגען די קאנטראקטארס נאכצוקומען דעם אגרימענט. די יוניאן האט אויך גערופען א סטרייק געגען צוויי שעפער וועלכע האבען גענומען האנדלען אזוי ווי קיין יוניאן וואלט ניט געווען אין טרייד. דזשענעראל מענעדזשער האכמאן פון דער דרעס דזשאינט באארד האט געגעבען אלע מעגליכע הילף דעם קאסט גארמענט טרייד דעפארטמענט און די בעלי בתים האבען זיך שנעל ארומגעזען אז זיי שפילען זיך מיט פייער. זיי האבען דעריבער זיך צוריק אנגעשלאסען אן דער אסאסיאיישאן און דער סכסוך איז געסעטעלט געווארען.

## סאוט־וועסט דיסטריקט פייערט 5־יאריגען געבורטסטאג מיט א קאנפערענץ

הונדערט און פופציג פארטרעטער פון לאקאלס אין זעקס סטעיטס וועלכע שטעלען צוזאמען דעם סאוט־וועסטערן דיסטריקט פון אונזער אינטערנעשאנאל האבען אפגעהאלטען א דיסטריקט קאנפערענץ דעם מאנטאג אין קענזעס סיטי אויסצוהערען א באריכט פון זייער דירעקטאר, ברודער מייער פערלשטיין, און עהרען אים ביי דער געלעגענהייט פאר דער גרויסער ארבייט וואס ער האט אויפגעטאן.

ברודער פערלשטיין, וועלכער האט אנגעפירט מיט דער ארבייט אין דעם דיסטריקט די אלע פינף יאהר זינט ער איז געגרינדעט געווארען אין 1934, און האט פאקטיש אויפגעבויט די יוניאנס אין דעם דיסטריקט, האט אפגעגעבען א גרינטליכען באריכט וועגען דער לאגע אין די לאקאלען. דער באריכט זיינער האט אפגעשפיגעלט די גרויסע דערגרייכונגען פון דער יוניאן וועלכע האט אין אזא פארהעלטניסמעסיג קורצער צייט ארגאניזירט די ארבייטער אין א געגענט וואו מען האט פריער פון יוניאנס ניט געוואוסט און וואו די ארבייטער האבען מורא געהאט פאר א יוניאן. זיין באריכט איז נאכגעפאלגט געווארען פון די באריכטען פון די דעלעגאטען וועלכע האבען באשיינפערליך באוויזען די ענדערונג וואס איז דורך דער צייט פארגעקומען אין דער פסיכאלאגיע און אין דער האלטונג פון די ארבייטער.

פרעזידענט דובינסקי איז גראדע אנוועזענד געווען אין קענזעס סיטי אין דער צייט פון קאנפערענץ און געהאט א געלעגענהייט זיך נאענט צו באקענען סיי מיט די פארטרעטער פון די לאקאלס און סיי מיט באדינגונגען פון דער יוניאן אין דעם געגענט.

פארטיג געווארען מיט דער קאנפערענץ, האט די יוניאן דארט ווידער זיך גענומען צו דער רוטינער ארבייט. לעצטע וואך — באריכטעט מ. פערלשטיין — האט די יוניאן ענדליך פארענדיגט די פארהאנדלונגען און באנייט דעם אגרימענט מיט דער „רייס־סטיקס דריי גודס קאמפאני" פון סיינט לואיס פאר אלע קאטאן דרעס און טשילדרען דרעס ארבייטער וואס די פירמע באשעפטיגט אין אירע שעפער. דער אגרימענט שטעלט איין א מינימום פון 35 סענט א שטונדע פאר פרויען וואס ארבייטען אויף דרעסעס וואס פארקויפען זיך ביז דרייסיג דאלאר א טוצען האלסעיל; 40 סענט א שטונדע פאר די וואס ארבייטען אויף דרעסעס וואס פארקויפען זיך ביז 45 דאלאר א טוצען און 45 סענט א שטונדע פאר די וואס ארבייטען אויף טייערערע דרעסעס. עס ווערט אויך געהעכערט דער ווידזש סקעיל פאר אלע קאטערס און ספרעדערס. וויפיל די העכערונג זאל זיין וועלען די פארטרעטער פון דער יוניאן מיט דער פירמע דארפען זיך איינִיגען. אלע פרויען ארבייטער וואס ארבייטען פון וואך קריגען א העכערונג פון ווייניגסטענס איין דאלאר א וואך אויף די שכירות. דער אגרימענט פירט איין צום ערשטען מאל א פרייז קאמיטע אין שאפ און פירט איין די פרעפערענשעל יוניאן שאפ. דער אגרימענט איז גוטגעהייסען געווארען פון די ארבייטער ביי א ספעציעלען מיטינג וואס זיי האבען געהאט.

דער אגרימענט איז אויך באנייט געווארען מיט דער „גארנעס גארמענט קאמפאני" פון קענזעס סיטי. די באדינגונגען זיינען ענליך אויף די פון דער „רייס־סטיקס" מיט די גראדועוויזע העכערע שכירות פער שטונדע פאר די וואס ארבייטען אויף די בעסערע ליינס ארבייט. פארהאנדלונגען פאר נייע אגרימענטס גייען אויך אן מיט דער „איליי וואלקער פירמע" אין סיינט לואיס און מיט די „גאפער ניטינג מילס" פון מינעסאטא.

## דאלאס פירמע באשטראפט פאר ברעכען דעם שטונדען־שכירות געזעץ.

די „היגינבאטהאם־בעילי־לאגן קאמפאני", איינע פון די גרעסטע קאטאן דרעס פירמעס אין דאלאס, טעקסעס, די פארביסענסטע יוניאן פרעסערישע פירמע אין דעם געגענט וועלכע האט אזוי ביטער באקעמפט די אינטערנעשאנאל אין דער צייט פון דעם לעצטען גענעראל־סטרייק אין שטאט, איז באשטראפט געווארען אין געריכט מיט 2,500 דאלאר פאר פארברעכען געגען דעם שטונדען־שכירות געזעץ. א חוץ דער שטראף דארף די פירמע צוריקצאלען אירע ארבייטער בעק פעי פאר דער גאנצער צייט וואס זי האט זיי געצאלט ווייניגער ווי 25 סענט א שטונדע און די עקסטרא פאר אווערטיים ווי דער געזעץ שרייבט פאר. די סומע בעק־פעי וועט אויך אנטרעפען שווערע טויזענטער דאלאר.

פון זינט די אנטשיידונג איז ארויסגעגעבען געווארען — שרייבט פערלשטיין — לויפען אום די אפּען־שאפערס ווי פאר'סמ'טע מייז גוטצומאכען אדער פארדעקען זייערע פארברעכענס. ביז איצט איז דער שטונדען־שכירות געזעץ אין דאלאס געווען א טויטער בוכשטאב.

## סיינט לואיס דרעס אגרימענט פארלענגערט אויף נאך א יאר.

די קלאוק און סילק דרעס דזשאינט באארד פון סיינט לואיס האט באשלאסען ביי א ספעשעל מיטינג צו פארלענגערן דעם איצטיגען אגרימענט מיט די דרעס בעלי בתים פאר נאך א יאר. לויט דעם איצטיגען אגרימענט, דארף מען געבען נאטיס 30 טעג איידער דער אגרימענט גייט אויס אויב מען וויל ענדערונגען. אויב קיינער פון די צדדים שיקט ניט אריין אזא פארלאנג, ווערט דער אגרימענט אויטאמאטיש פארלענגערט אויף נאך א יאר.

כאטש עס איז באשלאסען געווארען אנצוהאלטען דעם אגרימענט פאר נאך א יאר, איז פון דעסטוועגען אויך באשלאסען געווארען צו האבען א קאנפערענץ מיט די בעלי בתים וועגען איינשטעלען בעסערע מעטאדען ווי אזוי צו באשטימען פרייזען פאר שטיק־ארבייט און אויך וועגען איינשטעלען א מינימום ווידזש פאר קלינערס.

## לעיבאר באארד ענטשיידעט געגען דער „דאנעלי קאמפאני"

ווי א מתנה דער אינטערנעשאנאל צו דער געלעגענהייט פון איר פייערען דעם פינף יאריגען יובילייי פון דעם סאוט־וועסטערן דיסטריקט, איז אנגעקומען די נייעס, אז דער רעפערי פון דער נעשאנעל לעיבאר רילעישאנס באארד, פאר וועמען עס איז פארגעקומען דער פארהער וועגען די קלאגען פון דער אינטערנעשאנאל, האט די פירמע געפונען שולדיג אין ברעכען דעם לעיבאר רילעישאנס געזעץ און באפוילען איר אפצוברעכען אירע באציהונגען מיט דער קאמפאני יוניאן, איינגעשלאסען דעם אגרימענט וואס זי האט מיט איר געשלאסען און לאזען וויסען אלע אירע ארבייטער, אז זי וועט זיי ניט שטערען זיך אנצושליסען אן דער אינטערנעשאנאל אדער וועלכע עס איז אנדערע ארבייטער יוניאן וואס זיי וועלען אויסקלייבען.

דער קאמף וואס די אינטערנעשאנאל פירט אן געגען דער פירמע ציט זיך שוין איבער פיר יאר. די פרעזידענטין פון דער פירמע איז די פרוי פון דעם געוועזענעם יונייטעד סטעיטס סענאטאר פון מיזורי דזשעימס ריעד. ווען די אינטערנעשאנאל האט זיך גענומען ארגאניזירען די ארבייטער פון דער פירמע, האט די קאמפאני אנגעווענדעט אלע מעגליכע מיטלען ניט צו לאזען די ארבייטער זיך ארגאניזירען. דורך די פארלייט האבען זיי ארגאניזירט א „לאיאלטי ליעג" וועלכע איז נאכדעם פארוואנדעלט געווארען אין א קאמפאני יוניאן כדי זיך ארויסצודרייען פון דעם וואגנער געזעץ. די וואס האבען זיך אנגעשלאסען אן דער אינטערנעשאנאל זיינען ביסלעכווייז ארויסגעזעצט געווארען פון שאפ אונטער איין אויסרייד אדער א צווייטען. די אינטערנעשאנאל האט דאן דעם שאפ ערקלערט אין סטרייק. קאמיטעס פון דער יוניאן האבען געפיקעט סטארס וועלכע האבען פארקויפט די דרעסעס וואס ווערען געמאכט אין דעם שאפ. די סימפאטיע פון דער באפעלקערונג מיט די סטרייקער האט די פירמע דערפילט און זי האט ארויסגעקראגען פון געריכט אן אינדזשאנקשאן געגען דער יוניאן וועלכער פארבאט דער יוניאן צו פיקעטען די סטארס. דער אפיל פון דער אינטערנעשאנאל געגען דעם אינדזשאנקשאן דארף אין גיכען פארקומען אין סוירקוט קאורט פון די פאראייניגטע שטאטען.

די יוניאן האט אונטערדעסען פארקלאגט די פירמע פאר דער נעשאנעל לעיבאר רילעישאנס באארד אונטער דעם וואגנער געזעץ. די פארהערען האבען זיך געצויגען זעקס וואכען צייט, פון דעם 5טען יוני ביז דעם 15טען יולי. פרעזידענט דובינסקי און פילע פארטרעטער פון דער יוניאן און פון די ארבייטער זיינען אויפגעטראטען אלס עדות ביים פארהער. איצט האט דער טרייעל עקזאמענער פון דער לעיבאר באארד, דזשעימס סי באטאן, ארויסגעגעבען די אויבען־דערמאנטע אנטשיידונג.

די לאיערס פון דער קאמפאני האבען געלאזט וויסען אז זיי וועלען אפעלירען אין די געריכטען געגען דער אנטשיידונג.

## קאמוניסט פאלט דורך אין וואלען אין טאראנטא טראץ העפטיגען קאמפיין.

אין די וואלען פאר באאמטע פון דער קלאוקמאכער דזשאינט באארד אין טאראנטא, קענעדע, וואס זיינען אפגעהאלטען געווארען מאנטאג, דעם 16טען אקטאבער, זיינען ערוויילט געווארען אב. קירזשנער און אייברעהעם מעגערמאן מיט אנטשיידענדע מאיאריטעטען. דער קאמוניסטישער קאנדידאט פאר ביזנעס אגענט, דייוו בידערמאן, איז דורכגעפאלען.

דער קאמפיין איז געווען איינער פון די שארפסטע וואס זיינען ווען עס איז אנגעפירט געווארען אין טאראנטא. די קאמוניסטען האבען זיך ניט אפגעשטעלט פאר קיינע העסליכע מעטאדען אין זייער קאמפיין צו ערוויילען זייער קאנדידאט. זיי האבען אפילו פראבירט ארייַנשלעפען די ראסען־פראגע אין דער יוניאן, וועלכעס האט ארויסגערופען גרויס ענטריסטונג צווישען די מיטגלידער. די אלע מיטלען האבען אבער ניט געהאלפען. זייער קאנדידאט איז דורכגעפאלען.

איבער דעם הייסען קאמפיין האבען זיך אין די וואלען באטייליגט די גרעסטע צאל מיטגלידער וואס זיינען ווען געווען אין עלעקשאנס. עס זיינען אפגעגעבען געווארען דרייצען הונדערט שטימען אין די וואלען. אייב קירזשנער איז ערוויילט געווארען מיט 790 שטימען; אייברעהעם מעגערמאן איז ערוויילט געווארען מיט 779 שטימען. דער דורכגעפאלענער קאמוניסטישער קאנדידאט, דייוו בידערמאן, האט געקראגען 55 שטימען.

# גרויסער ניט־גודס שאַפּ אָפּגע־שטעלט ווייל אַרבייטער אַנטזאָגען זיך דורכצוגיין פּיקעט־ליין

דזשעני מעטיהאַס, אינטערנעשאַנאַל אָרגאַניזער אין סאַן פראַנציסקאָ, באַריכטעט צו פּרעזידענט דובינסקי, אַז די צוויי הונדערט אַרבייטער פון דער „גאַנטנער און מאַטערן ניטינג מילס״, מיטגלידער פון דער אינטערנעשאַנאַל, האָבן זיך אַנטזאָגט דורכצוגיין די פּיקעט ליינס פון דער דזשעניטאָרס יוניאָן וועלכע סטרייקען אין דער געבײַדע.

די האַנדלונג פון די אינטערנעשאַנאַל מיטגלידער האָבן די באָסעס געגעבן אַ גוטיגע לעקציע אין אַרבייטער אייניגקייט. די פירמע האָט איבערהויפּט ניט קיין צו גרויסע ליבע צו יוניאָנס און אָרגאַניזירטע אַרבייטער. מיט אַ וואָך אײדער דער קאַמף פון די דזשעניטאָרס האָט זיך אָנגעהויבן, האָט די פירמע אַנטזאָגט אַן אָפּיס אָנגעשטעלטע וועלכע האָט דאָרט געאַרבייט פיר יאָר, באַלד נאָכדעם ווי די אָפּיס אַרבייטער יוניאָן האָט פאַרשפּרייט ליפלעטס אַרום „שאַפּ. מיט אַ וואָך שפּעטער האָט די פירמע אַרויסגעוואָרפן אַ פּריוועט סעקרעטאַר וואָס האָט פאַר זיי געאַרבייט פינף יאָר. דער סכסוך מיט דער דזשעניטאָרס יוניאָן איז אויך אַרויסגעקומען איבער דעם וואָס זיי האָבן אַנטזאָגט אַן אַרבייטער און ניט געוואָלט אים רעאינסטעיטן.

די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאַנאַל, כאָטש זייער אייגענער אַגרימענט האַלט ביים אויסגיין און עס גייען איצט אָן אונטערהאַנדלונגען פאַר באַנייען דעם אַגרימענט, האָבן זיך אַנטזאָגט דורכצוגיין די פּיקעט ליינס פון די דזשעניטאָרס און די פאַבריק איז געשלאָסען. דער גייסט פון אַרבייטער אייניגקייט איז דאָרט אַזוי שטאַרק, אַז אפילו די פאַרלעידיס וועלכע זיינען ניט קיין מיטגלידער זיינען אויך ניט אַריין אין שאַפּ.

דער אַגרימענט אין ניטגודס טרייד אין סאַן פראַנציסקאָ האַלט ביים אויסגיין. די פאַרהאַנדלונגען ברענגען דערווייל ניט קיין רעזולטאַטן. די יוניאָן פאָדערט אַ העכערונג אויף די שכירות און הויפּטזאַכליך דעם פונקט אין אַגרימענט אַז שכירות זאָלן געהעכערט ווערן אויטאָמאַטיש אויב די פּרייזען פון לעבענס־מיטלען וועלן שטייגען פינף פּראָצענט אָדער מער. די פאַרהאַנדלונגען מיט דער פירמע זיינען פאַרהאַלטען געוואָרן איבער דעם פונקט, וועלכען די פירמע אַנטזאָגט זיך נאָכצוגעבען.

# אַלפענאַ סטרייקער שטייען פעסט טראָץ סטייט פּאָליס און ברוטאַלע אַטאַקעס

די טויזענטער סטרייקער אין די קאַטאָן דרעס שעפּער פון דער „אַלפענאַ דרעס קאָמפּאַני״, אין מישיגען, שטייען מוטיג אויף די פּיקעט ליינס, טראָץ די ברוטאַלע אַטאַקעס אויף זיי פון שלעגער און די פאַרפאָלגונגען פון דער פּאָליציי.

ווי אברהם פּלאָטקין, דזשענעראַל אָרגאַניזער פון דער אינטערנעשאַנאַל, וועלכער פירט אָן דעם סטרייק, מעלדעט צו פּרעזידענט דובינסקי, האָט גאָווערנאָר די־קינסאָן פון מישיגען אַריינגעשיקט די סטעיט קאָנסטאַבולאַרי אין די פיר שטעט וואו דער סטרייק גייט אָן, אין אַ פּרואוו צו ברעכען דעם מוט פון די סטרייקער און אַרויסהעלפען די בעלי בתים. ער האָט אַריינגעשיקט די פּאָליציי געגען די סטרייקער, טראָץ דעם וואָס די דרעסמאַכער קעמפען דאָרט צו צווינגען דער פירמע אויסצופאָלגען דעם געזעץ און פאַרהאַנדלען מיט דער יוניאָן וואָס זיי האָבן אויסגעקליבען אַלס זייער פאָרטרעטער אין אַן אָפּשטימונג אונטער דער אויפזיכט פון דער נעשאַנעל לייבאָר רילעישאַנס באָאַרד. אין דער אָפּשטימונג האָט די אינטערנעשאַנאַל געקראָגען אַ גרויסע מאַיאָריטעט פון די שטימען און איז באַשטעטיגט געוואָרן פון דער באָאַרד אַלס די איינציגע פאַרטרעטערין פון די אַרבייטער פאַר קאָלעקטיווע פאַרהאַנדלונגען מיט דער פירמע.

# אינטערנעשאַנאַל אין מאָנטרעאַל שלידערט צוריק „אָפענסיווע׳ פון רעגירונגס־באָאַרד

פון בערנאַרד שעהן
גענעראַל אָרגאַניזער א. ל. ג. וו. י.


ינגעפער אין דער זעלבער צייט ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די מלחמה אין אייראָפּע, האָט די „פעיר־ווידזש באָאַרד״ פון מאָנטרעאַל, אַן אינסטיטוציע פון דער קוויבעקער רעגירונג, באַשלאָסען, אַז עס איז אויך די פּאַסיגע צייט אָנצופאַנגען אַ מלחמה געגען אונזער דרעס־מאַכער יוניאָן. זי האָט, נעמליך, באַשלאָסען, אַז זי זאָל איינפירען אַ לוין־אָרדינאַנץ אין דער דרעס־אינדוסטרי פון קוויבעקער פּראָווינץ, וואָס זאָל פאַרבייטען דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט, וועלכען אונזער יוניאָן האָט געשלאָסען מיט דער דרעס מאַנופעקטשורערס גילד אין מערץ 1938.

די „פעיר ווידזש באָאַרד״, וועלכע איז אונטער דער השגחה און דירעקציע פון קוויבעקער לייבאָר דעפּאַרטמענט איז לכתחילה געשאַפען געוואָרען פון דער קוויבעקער רעגירונג כדי צו קאָנקורירען מיט די טרייד־יוניאָנס, ספּעציעל מיט די אינטערנעשאַנעל יוניאָנס. שוין אַ לאַנגע צייט ווי די קוויבעקער רעגירונג פירט אַ קאַמף געגען יוניאָנס און זי האָט שוין פאַר דעם צוועק געשאַפען אַ ריי געזעצען. אָבער צום גליק געלינגט איר ניט צו דורכפירען וואָס זי וויל. מאַנכע יוניאָנס גיבען אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד. אונזער אינטערנעשאַנעל איז געווען פון די ערשטע יוניאָנס אַרויסצואווייזען אַ שטאַרקען ווידערשטאַנד געגען אַלע אַטאַקעס וועלכע די רעגירונג האָט געהאַט געמאַכט אויף אונז. אונזער אינטערנעשאַנעל האָט שוין געהאַט דאָס מזל צו זיין די ערשטע אויף וועלכע די אַנטי־יוניאָן געזעצען האָט מען געוואָלט אַנווענדען. איך, דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות, האָב געהאַט די זכיה צו זיין דער ערשטער טרייד־יוניאָן פירער צו ווערען אַרעסטירט אונטער די אַנטי־לייבאָר געזעצען. איך ווער באַשולדיגט אין צווינגען אַרבייטער צו זיין מיטגלידער פון אונזער יוניאָן. מיין פּראָצעס ווערט ערוואַרטעט זאָל פאָרקומען אין נאָוועמבער. אויך צוויי אַנדערע באַאַמטע פון אונזער מאָנטרעאַלער אינטערנעשאַנעל, דזשוליוס טאַווראַוו, ביזנעס־אײדזשענט פון דרעסמאַכער לאָקאַל, און נאָרמאַן ברעסקאַ, טשערמאַן פון דרעס־פּרעסערס בראַנטש, זיינען אויך אָנגעקלאָגט געוואָרען אונטער די אַנטי־לייבאָר געזעצען.

מיר האָבן אָפּגעהאַלטען אַ גרויסען מאַס־מיטינג פרייטאָג, דעם 29טען סעפּטעמבער, וואו אַרום 1500 אַרבייטער פון דרעס־פאַך, מיטגלידער פון אונזער אינטערנעשאַנעל, האָבן אויסגעדריקט אַ שאַרפען פּראָטעסט געגען דער פעיר־ווידזש באָאַרד. אַ פּראָטעסט־רעזאָלוציע איז אָפּגעשיקט געוואָרען צום לייבאָר־דעפּאַרטמענט, אין וועלכער מיר דערקלערען, אַז מיר זיינען קאַטעגאָריש געגען אַן אָרדינאַנץ אין דרעס־טרייד און אַז מיר פּראָטעסטירען למאי די פעיר־ווידזש באָאַרד וויל עס אַרויפצווינגען אויף אונז מיט גוואַלד.

אין דער רעזאָלוציע צו דער רעגירונג האָבן מיר אויך געמאַכט קלאָר, אַז מיר פּראָטעסטירען געגען דעם אופן ווי די באָאַרד וויל דורכפירען דעם אָרדינאַנץ; אַז מיר פאַרדאַמען די מעטאָדען וועלכע זי וויל אַנווענדען ביים דורכפירען וואַלען אין די שעפּער פאַר אַרבייטער־פאַרטרעטער צו דער באָאַרד.

אונזער פּראָטעסט האָט געהאָלפען. דער לייבאָר דעפּאַרטמענט האָט געגעבען אינסטרוקציעס דער פעיר־ווידזש באָאַרד זי זאָל דערווייל אָפּהאַלטען אירע פּלענער פאַר דורכפירען דעם אָרדינאַנץ. די רעגירונג האָט ווידער איינגעזען, אַז ווען זי וויל עפּעס טאָן געגען אונזער אינטערנעשאַנעל האָט זי געגען זיך אַ סאָלידע מיטגלידערשאַפט פון טויזענטער מענשען מיט וועלכע עס לוינט זיך איר ניט איינרייסען. איבערהויפּט ווען עס איז ניט ווייט פון וואַלען. ווען איך שרייב די דאָזיגע שורות קומט פאָר אין קוויבעקער פּראָווינץ אַ שטורמדיגער וואַל־קאַמפּיין. אין דעם דאָזיגען קאַמפּיין זיינען די אַרבייטער שטאַרק פאַראינטערעסירט, ווייל עס איז פאַראַן אַ האָפענונג אפשר וועלען מיר פּטור ווערען פון אַ ריי אַנטי־לייבאָר געזעצען וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרען פאַר דער צייט פון דער איצטיגער דופּלעסי רעגירונג.*

אין דער זעלבער צייט פירען מיר אַן אינטענסיווען אָרגאַניזאַציאָנס־קאַמפּיין צווישען די דרעסמאַכער, און דער אָפּרוף איז אַ גלענצענדער. מיר אָרגאַניזירען און רעאָרגאַניזירען שעפּער, אויך אַזעלכע אַרבייטער, וועלכע זיינען געווען אָפּגעפרעמדט פון אונז פאַר צוויי יאָר און מער. מיר אָרגאַניזירען אויך נייע שעפּער, וועלכע זיינען געווען אינגאַנצען אָפּגעריסען פון דער יוניאָן.

עס טומלט זיך אויך שטאַרק אין קלאָוק טרייד.

די מלחמה האָט געבראַכט אין קאַנאַדע ערנסטע קאָמפּליקאַציעס פאַר אַלע אַרבייטער. עס איז געוואָרען שווער פאַר אַן אַרבייטער צו מאַכען אַ לעבען. די פּרייזען פון לעבענס־מיטלען זיינען געשטיגען און היות ווי פאַר דער מלחמה האָבן די אַרבייטער אויך ווייניג פאַרדינט און קיין אָפּגעשפּאָרטע קאַפּיטאַלען זיינען דאָך ניטאָ, זיינען די אַרבייטער אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין אַ שרעקליכען קלעם. אונזער יוניאָן האָט באַלד גענומען שריט צו רעאַגירען אויף דער געשאַפענער סיטואַציע. אונזער באָאַרד אָוו דירעקטאָרס האָט באַשלאָסען, אַז מיר האָבן ניט קיין אַנדער אויסוועג ווי צו פאַרלאַנגען אַ העכערונג אין לוין.

און היות ווי דאָס רירט אָן דעם גאַנצען מאַרקעט אין קאַנאַדע, האָבן מיר באַשלאָסען, אַז דער פאַרלאַנג פאַר אַ לוין־העכערונג זאָל געשטעלט ווערען פון ביידע מאַרקעטס צוזאַמען, פון מאָנטרעאַל און פון טאָראָנטאָ. די פאַרשטעהער פון אונזערע יוניאָנס אין די אויבענדערמאָנטע שטעט האָבן דעריבער אָפּגעהאַלטען אַ קאָנפערענץ אין טאָראָנטאָ, שבת און זונטאָג, דעם 21טען און 22טען ד. מ., וואו עס איז באַשלאָסען געוואָרען אַרויסצושטעלען די פאָדערונג פון אַ לוין־העכערונג אויף אַ נאַציאָנאַלען מאַסשטאַב. מיר ערוואַרטען, אַז די בעלי־בתים וועלען נעמען אין אַכט די נייע באַדינגונגען וועלכע האָבען זיך געשאַפען צוליב דער מלחמה, וואָס פּרייזען פון אַלע סחורות, און איבערהויפּט די לעבענס־מיטלען זיינען הויך געשטיגען, און וועלען ניט אַרויסווייזען קיין איבעריגע עקשנות וועגען די גערעכטע פאַרלאַנגען צו צופּאַסען מער־ווייניגער די לוין־סטאַנדאַרדס צו די געשאַפענע יקרות באַדינגונגען.

די עמבראָידערי בעלי־בתים האָבען זיך לעצטענס דיסאָרגאַניזירט. זיי האָבען אויפגעגעבען זייערע העדקוואָדערס, אָפּגעזאָגט דעם מענעדזשער פון דער אַסס'ן און אויב מען וויל רעדען צו זיי ווי צו אַ גרופּע איז ניטאָ צו וועמען. מען מוז האַנדלען מיט יעדען איינעם פון זיי באַזונדער.

פונדעסטוועגען ווערען די אַרבייטס־באַדינגונגען שטרענג אָפּגעהיט, און עס ווערען דורכגעפירט אַלע פונקטען פון דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט.

אויף וויפיל אונזער קאָנטראָל איבער דעם טרייד ווערט ניט אָפּגעשוואַכט אילוסטרירט פאָלגענדער פאַל:

די אַמסעל עמבראָידערי פירמע האָט, אָן דער ערלויבניש פון דער יוניאָן, געאַרבייט איינציגע אָווערטיים. האָבען מיר דערפאַר אַרויפגעלייגט אַ שטראָף אויף איינציגע אַרבייטערינס. איז דער בעל־הבית געוואָרען זייער פאַרטיידיגער און גענומען אַרבייטען געגען אונז. ער האָט אפילו ניט געוואָלט אַריינלאָזען אונזער ביזנעס־איידזשענט צו אים אין שאַפּ.

האָבען מיר געמאַכט אַ „סטאָפּעדזש״ און אַרויסגערופען אַלע אונזערע מיטגלידער פון דעם שאַפּ. דאָס האָט געווירקט. דער בעל־הבית איז באַלד געקומען אין דער יוניאָן, זיך ענטשולדיגט און געשליכטעט מיט אונז דעם סכסוך. דער „סטאָפּעדזש״ האָט געדויערט בלויז דריי שטונדען.

די באַדינגונגען אין טרייד זיינען אין אַלגעמיין ניט קיין שלעכטע, ווען מען נעמט אין אַכט די אַלגעמיינע אומשטענדען.

*) די וואַלען זיינען שוין פאָרגעקומען און די דופּלעסי רעגירונג איז שטאַרק דורכגעפאַלען. — רעדאַקציע.

# פרעזידענט דובינסקי באזוכט לאס אנדזשעלעס

פון ה. רובינשטיין

דער ווינטער סיזאן אין קלאוק טרייד ביי אונז אין שטאט איז, ווי איבער'ן גאנצען לאנד, געוועזן זייער ניט קיין גוטער: אין סעפטעמבער און אקטאבער האבען מיר געהאט א גרויסע צאל קלאוקמאכער אן דזשאבס, און די וואס האבען געהאט דזשאבס האבען ניט געארבייט קיין פולע וואכען. פארשטייט זיך, אז אונטער אזעלכע באדינגונגען, ווען א גרויסע צאל מעמבערס מאכען ניט קיין לעבען, קען א יוניאן קיין גרויסען פראגרעס ניט מאכען. אין אזא צייט, אז מען קען אנהאלטען די פון פריער עראבערטע פאזיציעס, דארף מען זיין צופרידען. אבער א יוניאן טאר ניט זיין צופרידען. א יוניאן, איבערהויפט אין אונזער אינדוסטריע, וואו עס פאדערט זיך אזוי ווייניג צו ווערען א מאנופעקטשורער, און וואו הייניגע באסעס זיינען מארגען מעמבערס אין דער יוניאן, און הייניגע ארבייטסלאזע יוניאן לייט זיינען מארגען באסעס־קאנטראקטארס, אין אזא אינדוסטריע מוז א יוניאן אלעמאל אנפירען ארגאניזאציאנס־ארבייט.

פון א פריערדיגען באריכט ווייסט איר שוין, אז אונז איז געלונגען צו ארגאניזירען א באדייטענדע טייל פון אונזערע ערשט אנטוויקעלטע קאנטראקטינג שעפער. פארשטייט זיך, אז מיר זיינען ניט גענארט. מיר ווייסען, אז די אויפגאבע איז נאך ווייט ניט ערלידיגט, ווייל, ערשטענס, זיינען נאך ניט אלע קאנטראקטינג שעפער ארגאניזירט, און, צווייטענס, ווייסען מיר גאנץ גוט, אז די קאנטראקטארס זיינען בלויז אגענטען, אדער פארלייט פאר די דזשאבערס; און עס איז נויטיג מאכען זיי, די דזשאבערס, פאראנטווארטליך פאר די ארבייטס־באדינגונגען אין די קאנטראקטינג שעפער. אבער אום דאס צו דערגרייכען מוזען מיר קריגען קאנטראל איבער די ארבייטער אין די קאנטראקטינג שעפער. אין דעם האבען מיר געמאכט אן אנהויב.

ווי איר זעט, איז אונזער פראגראם א ריכטיגע. איז אבער געקומען דער שלעכטער סעזאן און צושטערט אונזערע פלענער. און לאמיר אויך זיין גאנץ אפענהערציג און צוגעבען, אז די אינערליכע רייבונגען אין דער יוניאן זיינען אויך א שטערונג. דערצו נאך, דאס אוועקגיין פון וויס־פרעזידענט פיינבערג פון לאס אנדזשעלעס אין דער איצטיגער אומרואיגער צייט האט אויך געהאט א שלעכטע ווירקונג אויף אונזער אקטיוויטעט. דעריבער איז דער באזוך פון פרעז. דובינסקי אין לאס אנדזשעלעס איצט געווען זייער נויטיג און אין צייט. און זיין פארזיכערונג אז די אינטערנעשאנעל וועט אהער שיקען א פארטרעטער, און אויב נויטיג—מער ווי איינעם, האט ארויסגערופען גרויס צופרידענהייט.

פרעזידענט דובינסקי האט איינגאנצען פארבראכט 6 טעג אין לאס אנדזשעלעס. עס זיינען געווען 6 ביזי טעג פאר אים; טעג פון קאנפערענצען, מיטינגען און געשפרעכען מיט איינצעלנע אומצופרידענע מעמבערס פון דער יוניאן. ברודער דובינסקי האט דא אדרעסירט א דזשאינט באארד מיטינג און א גרויסע מאסענפארזאמלונג פון קלאוק און דרעס מאכער, וועלכע האבען, אויפ'ן פארלאנג פון דער יוניאן געסטאפט פון דער ארבייט דריי אזייגער נאכמיטאג. דער פרעזידענט איז זייער ווארים און הארציג באגריסט געווארען פון דער גרויסער צאל מעמבערס, און זיין אינטערעסאנטע און קאנסטרוקטיווע רעדע איז מיט גרויס אויפמערקזאמקייט אויסגעהערט געווארען.

זאגען אז אלע האבען מיט אלעס פון דער רעדע איינגעשטימט, וואלט ניט געווען ריכטיג. דער געדאנק וואס פרעזידענט דובינסקי האט אויסגעדריקט וועגען אנהאלטען די ביליגע ליין ארבייט אין די יוניאן שעפער אפילו ניט אויף די זעלבע הויכע ווידזשעס וואס קלאוקמאכער זיינען געוואוינט, איז נאך ניי און איז דעריבער פון מאנכע ניט קלאר פארשטאנען געווארען, און דער פונקט ווערט איצט גאנץ לעבעדיג דיסקוטירט אין די קלאוקמאכער קרייזען.

ארגאניזאציאנס־ארבייט איז איצט זייער און זייער וויכטיג. דער קלאוקמאכער אגרימענט אין דער קלאוק אינדוסטריע ענדיגט זיך אין דזשון 1940. און עס וועט זיך פאדערען די פולשטענדיגע אייניגקייט פון אלע אונזערע מיטגלידער און דער פולער אומבאגרענצטער צוטרויען פון די מעמבערס צו דער פירערשאפט. אום צו באנייען און פארבעסערען דעם איצטיגען אגרימענט וועט זיך פאדערען די קאאפעראציע און מיטהילף פון אלע קאנסטרוקטיווע עלעמענטען אין דער יוניאן אנצוהאלטען אונזערע ארבייטס־באדינגונגען, און איבערהויפט אפצושטעלען די פארשפרייטונג פון די קאנטראקטינג שעפער. עס ווייזען זיך סמנים, אז די איצטיגע מאנופעקטשורערס קריגען אפעטיט צו ווערען דזשאבערס. מיר האבען דעם סיזאן געכאפט איינעם פון אונזערע אנגעזעענע „פאראנטווארטליכע" מאנופעקטשורערס ארויסגעבען ארבייט צו א קאנטראקטאר, אין דער צייט ווען די אינסייד באלמעלאכעס זיינען ארומגעגאנגען ליידיג. נאטירליך, האבען מיר עס אפגעשטעלט, און דער מאנופעקטשורער איז באשטראפט געווארען מיט א פאר הונדערט דאלער.

די אלע זאכען וועלען מיר קענען באוויזען ווען הארמאני און פארשטענדניש וועט הערשען אין אונזערע רייען. ווען עס וועט ניט זיין קיין „מיר" און „זיי", נאר די בעאמטע און די מעמבערס וועלען זיין צוזאמען. מעמבערס מוזען רעספעקטירען, ניט מורא האבען, פאר די בעאמטע און די ערוויילטע בעאמטע דארפען רעספעקטירען די מעמבערס. איבערהויפט ארבייטסלאזע מעמבערס, אויב מען קען זיי ניט געבען קיין דזשאבס, דארפען זיי אבער קריגען א פריינדליכען טרייסט־ווארט אין יוניאן אפיס. עס איז אמת, אז מאנכע מעמבערס ערווארטען אפשר צופיל פון זייער בעאמטען, און עס איז זיכער אמת, אז עס פאדערט זיך זייער פיל געדולד, אבער דאס איז טאקע איינע פון די קוואליפיקאציעס פון א יוניאן בעאמטען צו האבען געדולד און צו געבען ענטפערס, העפליכע פריינדליכע ענטפערס, אפילו מאנכעס מאל צו ניט־העפליכע פראגען, און טאקע אין א געדולדיגען, פריינדליכען וועג ערקלערען די מעמבערס וואס ס'איז מעגליך פאר א יוניאן צו טאן און וואס עס איז ניט מעגליך.

# ארבייטער פון אינטערנעשאנאל דרעס קא. שטייערן־ביי 100 דאלאר אויף ביכער פאר לאקאל 22 ביבליאטעק.

די ארבייטער פון די 22 שעפער, וואס ארבייטען פאר דער אינטערנעשאנעל דרעס קא., האבען זיך צוזאמענגעלייגט און בייגעשטייערט הונדערט דאלאר צו קויפען ביכער פאר דעם ביבליאטעק וואס די דרעסמאכער יוניאן לאקאל 22 האט איינגעארדענט אין איר נייעם אפיס. צוזאמען מיט'ן טשעק פאר דער סומע האבען די ארבייטער אריינגעשיקט פאלגענדע רעזאלוציע:

„מיר, די אונטערגעשריבענע שאפ טשערלייט, פארטרעטענדיג די ארבייטער פון 22 שעפער פון דער „אינטערנעשאנעל דרעס קאמפאני, 1400 בראדוויי, פארזאמעלט ביי א געמיינשאפטליכען מיטינג אין אפיס פון דער יוניאן, האבען אנגענומען פאלגענדע רעזאלוציע:

„אנערקענענדיג די גרויסע לייסטונגען פון אונזער יוניאן אין אויפהאלטען און פארבעסערען אונזערע באדינגונגען און אין טיפער אפשאצונג פון דער גלענצענדער פירערשאפט פון אונזער מענעדזשער פון דער יוניאן לאקאל 22, ברודער טשארלס ס. זימערמאן, גיבען מיר איבער ביי דער געלעגענהייט פון איר עפענען די נייע העדקוואדערס, די סומע פון הונדערט דאלאר אויף צו קויפען ביכער פאר אונזער ביבליאטעק.

„עס איז אונזער האפענונג, אז אונזער ביישטייערונג וועט העלפען רייכער מאכען קולטורעל אונזערע מיטגלידער און באזארגען מיט א שטענדיגען קוואל פון באגייסטערונג די טויזענדער דרעסמאכער וועלכע געפינען אין זייער יוניאן דעם נייעם לעבענס־שטייגער.

„מיר ווילען זיך באנוצען מיט דער געלעגענהייט אויסצודריקען אונזער דאנקבארקייט פאר די איבערגעבענע טעטיגקייט פון אונזער ביזנעס אגענט, ברודער דוד האלענדער. ער האט אוועקגעגעבען זיין צייט און ענערגיע, ניט שפארענדיג, פאר דעם נוצען פון די ארבייטער און דערמיט פארדינט די דאנקבארקייט און אכטונג פון אלעמען. מיר האפען, אז אט דער עפענטליכער אויסדרוק פון צוטרויען וועט אים טיילוויז באלוינען פאר זיין גרויסער אנשטרענגונג אין דער פארגאנגענהייט". (אונטערגעשריבען)

מאריס קאראסיק, טשערמאן פון טשערמאן קאמ. נייטען גרינפעלד, איזידאר פוטלער, הערי מאראן, פעני מענדעלסאן, מאקס גראדענהעיס, דזשארדזש לאנדער, בעסי טרעינער, ראוז פראמאן, מאלי קאמילערן, מיני דראטבער, וויאלא מערינגלאס, מיני ראזענבערג, מאריס סילווערמאן, אידא פאטדזשער, וויליאם גראס, אווירוויגג מאנגעסער, בערנארד לעוויט, סאול טעמפל, עדנא מייערס, פעריס דזשימינעז, רעי בעקער, ס. לעפקאוויץ, בעסי אלפערט, דזשאזעף גלענס, אברהאם בלום, מאקס היטלער, ראוז מייזער, דאראטהי מאסקאוויץ, העיזער.

די עקזעקוטיוו באארד האט געענטפערט מיט פאלגענדען בריף:

„די עקזעקוטיוו באארד איז טיף דאנקבאר די שאפ טשערלייט און די ארבייטער פון אלע קאנטראקטינג שעפער וואס ארבייטען פאר דער אינטערנעשאנעל דרעס קאמפאני, פאר דעם פרעכטיגען אויסדרוק פון יוניאן אייניגקייט. מיר פרייען זיך מיט דעם באוואוסטזיין אז די רענק און פייל פון אונזערע מיטגלידער נעמען אזא לעבעדיגען אינטערעס אין די קולטורעלע אנשטרענגונגען פון אונזער לאקאל יוניאן.

ברידערליך אייערע,
טשארלס ס. זימערמאן, סעק.־טרעזשורער.

# א דערקלערונג און פראטעסט

אין דער „פרייהייט" פון שבת, דעם 7טען אקטאבער, איז געווען געמאלדען, אז א „גרופע" ארבייטער פון דער דרעס פירמע הארווי בעראן, 270 וועסט 38טע סטריט, האט בייגעשטייערט 5 דאלער פאר דער „פרייהייט" מיט א צוזאג צו זאמלען מער.

דער איינדרוק וואס דער געוויינליכער לעזער באקומט פון אזא אנאנס איז אז גאט ווייסט ווי גרויס איז די „גרופע" וואס איז נאך גרייט צו שטיצען דעם פארראט געגען דעם ארבייטער קלאס בכלל און דעם אידישען פאלק בפרט.

ווילען מיר, די אונטערצייכענדע ארבייטער פון הארווי בעראן, דא דערקלערען אז פון אונזער שאפ, וועלכער באשטייט פון 125 ארבייטער, האבען זיך קוים געפונען א האלבער טוצען מענשען, וועלכע, צום גרויסען שאנד, פאלגען נאך בלינדערהייט די פארטיי ליניע, ניט קוקענדיג אויף דעם שווידערלאכען רעזולטאט וואס די קאמבינאציע פון היטלער און סטאלין האט פאראורזאכט אויף דער גאנצער וועלט.

מיט אט דער דערקלערונג זיינען מיר אויסען אפצווואשען דעם מיאוסען פלעק פון די ארבייטער פון אונזער שאפ, מיט וועלכען די קלייניגקע גרופע קאמר־נאצי שמשים האבען אונז געזוכט צו באשמוצען.

מיר שליידערען צוריק מיט פאראכטונג אט דעם שענדלאכען טהאט און מיר דערקלערען אפען, פאר דער גאנצער עפענטליכער מיינונג, אז מיר שליסען זיך אן אן די ברייטע מאסען פראגרעסיווע ארבייטער און פאלקסמאסען וועלכע פארדאמען דעם שענדליכען שותפות, וועלכען סטאלין האט געשלאסען מיט דעם בלוטיגען מערדער היטלער.

אונטערגעשריבען פון
היימאן פארמאן, טשערמאן.

קאמיטע: ראוז פרעפסטעין, דייוויד שאנטציז, דזשאז. שניידער, אייב ליטוואלק, מאריס זאלאן, סעם קאטלער, אייב יעללין.

| | | |
|---|---|---|
| אייב בערמאן | מאקס פעלדבערג | סאראה בלונדא |
| עלי עיזענבערג | לואיס סאנבערג | קאנצעטא ריזזא |
| ה. גארעליק | דייוויד ראזען | בעססי לעווין |
| לואיס סאוואטע | מאקס טאש | אירלעי בעקער |
| מאריס פינקוס | אברהם סטעין | פעי שניידער |
| הערדי קאהען | יעקב סטראמינגער | פעי סערעא |
| דזש. וואסס | סילוויא קאפלאן | עסטא בערנסטעין |
| קאלמן האפמאן | אווירוויגג פלאטניק | וויליאם פאודא |
| אווירוויגג האבער | דזשין שערמאן | אסתר פליישער |
| א. ווינאקור | גוירטרוד סעססין | פרענק בארסעק |
| נ. גודמאן | ווירדזש. ספאגנאלא | דזשעק ראזען |
| סעם טעין | היימאן פאלדהאמער | לואיס ווייסבאום |
| סיליא וועיגושין | טילי בושוואלד | מאלי עדעלסטיין |
| לואיס פיין | דיניא ושיאר | סיליא סגריטא |
| פעני בערנסטיין | סימאר סולטאן | קריסטינא אלגאזינא |
| מערי אינגאלינערא | פאלין פליישער | סאמועל לאנגער |
| היימאן שניידער | בענדזש. פארמאן | ליליאן ווהייט |
| דזשאזעף האנדעל | פיל. סטעינבראכער | קלארא גיטטענס |
| שעכטמאן | מאריס גודמאן | אליוו ליואיס |
| מ. קעראסין | בעטי ליואיש | בעסי גואסטרעללא |
| דזש. סאלאמאן | מארי אגראטע | פעני שליפשטיין |
| מאריס פורמאן | אננא סאלארי | סאלי גאלבערסטאט |
| יעקב בלומפארב | עלענאר אלגאזינא | בעלא רינגעל |
| סעם קאסס | בעני קושנער | סאללי קאטער |
| הערי וויינשטיין | טערעזא הינש | סילוויא קראוויטץ |
| דזשייקאב גודמאן | ראוז שיפפער | חיים שרייער |
| | מ. סטריקלער | |

# עקזעקוטיוו פון דער דרעסמאכער יוניאן לאקאל 22 ענטפערט אויף קאמוניסטישער אטאקע

דער צענטער אסעמבלי דיסטריקט פון דער קאמוניסטישער פארטיי, האט פאנאנדערגעטיילט א ליפלעט אין דער דרעס-מארקעט אין וועלכען זיי אטאקירען אויפ'ן שענדליכסטען אופן די דרעסמאכער יוניאן און איר אדמיניסטראציע. דער טאן פון דעם ליפלעט האט קלאר אנגעוויזען אז דאס איז א פארזוך צוריק אנהויבען די אלטע טאקטיק פון דער קאמוניסטישער פארטיי אין די יוניאנס פון העצערייען, שפאלטונגען און דירעקטער אריינמישונג אין די אינערליכע ענינים פון די יוניאנס. דער ליפלעט האט ארויסגערופען גרויס ענטריסטונג צווישען די דרעסמאכער. ספעציעל דערפאר וואס די עקזעקוטיוו באארד און די אדמיניסטראציע האט זיך מיט אלע כחות צוריקגעהאלטען פון אריינשלעפען אין דער יוניאן פאליטישע פראגען. ווען א גרויסע גרופע מיטגלידער האבען אריינגעשיקט א פעטיציע צו דער עקזעקוטיוו באארד פון לאקאל מיט פינף הונדערט אונטערשריפטען פון מעמבערס פאדערענדיג אז דער לאקאל זאל פארדאמען דעם היטלער-סטאלין בונד און די האנדלונג פון דער קאמוניסטישער פארטיי אין אמעריקע, וועלכע פארטיידיגט אט דעם בונד, האט די עקזעקוטיוו באארד זיי דערקלערט, אז דער לאקאל אלס אזעלכער דארף קיין פאליטישע פראגען ניט אויפנעמען, כאטש מען ווייסט ווי די ארבייטער פילען וועגען דעם. טראץ דעם אבער, האט די קאמוניסטישע פארטיי אטאקירט דעם לאקאל און דער אדמיניסטראציע. פלוצלונג האבען זיי אנטדעקט, אז דער דרעס לאקאל טוט ניט גענוג צו פארבעסערען די לאגע פון די ארבייטער. אויף דעם האט די עקזעקוטיוו באארד ארויסגעגעבען דעם פאלגענדיגען סטעיטמענט:

„צו די דרעסמאכער פון לאקאל 22.

„יאהרען-לאנג האט די אדמיניסטראציע פון אונזער יוניאן נאכגעפאלגט א פאליסי פון איינגקייט און צוזאמענארבייט אין דער פארוואלטונג פון אירע אינערליכע אנגעלעגענהייטען. מיר האבען לאנג פארטיידיגט אט די פאליסי, ווייל מיר האבען געגלויבט, אז דאס איז גוט און געזונט פאר דער יוניאן.

„מיר האבען אויפגעפאדערט אלע מיטגלידער אוועקצולייגן אן א זייט פערזענליכע מיינונגס-פארשידענהייטען אין די אינטערעסען פון די אלגעמיינע עקאנאמישע נוצען. די פאליסי האט געזוכט צו פארשיבען די געגנערישע פאליטישע שטאנדפונקטען און אוועקשטעלען אויפ'ן ערשטען פלאץ די עקאנאמישע איינגקייט פון אלע מיטגלידער אום צו דערגרייכען די פראגרעסיווע צילען פון דער אמעריקאנער ארבייטער באוועגונג.

„עס איז קיינמאל ניט געווען אונזער אבזיכט אדער וואונש, אז די מיטגלידער זאלען אויפגעבען זייערע פערזענליכע איבערצייגונגען אדער אונטערדריקען זייערע פאליטישע אבזיכטען. מיר האבען ניט געזוכט צו דיקטירען קיינעמס געדאנקען אדער האנדלונגען. מיר האבען בלויז געזוכט איינגקייט פון די מיטגלידער אויפ'ן עקאנאמישען געביט, אום אלע ארבייטער זאלען זיין פאראייניגט אין די טעגליכע קאמפען פאר דער אויפהאלטונג פון אונזערע סטאנדארדס אין די פאבריקען און פאר דעם שוץ פון דער יוניאן. אט דאס איז געווען אונזער ארגאניזאציאנעלע פאליסי, וועלכע מיר האבען געוויסענהאפט נאכגעפאלגט.

„עס איז געווען אט די פאליסי וואס האט פאר אונז מעגליך געמאכט בייצוקומען איינע פון די קריטישסטע פעריאדען אין דער געשיכטע פון אונזער אינדוסטרי. די באדינגונגען אין אונזער אינדוסטרי זיינען נאך איצט פונקט אזוי קריטיש. איינהייטליכע האנדלונג און אלגעמיינע וואכזאמקייט פון אלע דרעסמאכער איז נויטיג אויפצוהאלטען און פארבעסערען אונזערע ארבייטס-באדינגונגען. אבער אין דער איצטיגער צייט, ווען די עקאנאמישע באדינגונגען אין דער אינדוסטרי זיינען זעהר שווערע, האט די קאמוניסטישע פארטיי אנגעהויבען א קאמפיין געגען אונזער לאקאל, וועלכער סטראשעט צו שאפען כאאס און צעמישעניש אין די רייהען פון די דרעסמאכער און אונטערגראבען דעם כח פון אונזער יוניאן.

„די קאמוניסטישע פארטיי הויבט אן זיך דירעקט אריינמישען אין די אנגעלעגענהייטען פון אונזער יוניאן. אט די אריינמישונג קומט, ניט אלס רעזולטאט פון פארשטעהן די פראבלעמען פון אונזער אינדוסטרי אדער פון אונזער יוניאן, נאר אלס רעזולטאט פון קרעפטען וואס שטעהען אינגאנצען אויסערהאלב די רייהען פון די דרעסמאכער. די אטאקע, אין דער פארמע פון א סטייטמענט פון 10טען אסעמבלי דיסטריקט פון דער קאמוניסטישער פארטיי פון אמעריקע באשולדיגט אונזער יוניאן אין פרובירען אנטוויקלען א „מלחמה היסטעריע" און זיי באשולדיגען אונזער מענעדזשער, ברודער זימערמאן, מיט פרובירען „פארשפרייטען צעמישעניש, כדי צו קאנען אויסמיידען די ערנסטע עקאנאמישע פראבלעמען פון די דרעסמאכער.

„יעדער וואס האט נאכגעפאלגט די טעטיגקייטען פון אונזער יוניאן ווייס, אז עס איז נישטא קיין איין וואר ווארט אין די באשולדיגונגען. עס איז ערשטענס גוט באוואוסט, אז מיר האבען כסדר נאכגעפאלגט אן אויסגעהאלטענע פאליסי פון האלטען אונזערע רייהען פאראייניגט; צווייטענס, ביי אלע אונזערע מיטגלידער-פארזאמלונגען האט ברודער זימערמאן אפגעגעבען אין נאמען פון דער עקזעקוטיוו באארד, טרייד-באריכטען מיט אלע איינצעלהייטען. אונזערע מיטינגען זיינען צו יעדער צייט געווידמעט צום דיסקוסירען און לייזען אינדוסטריעלע פראבלעמען וואס מיר האבען פאר זיך געהאט; דריטענס, איז עס אלגעמיין באוואוסט, אז ברודער זימערמאן האט געשטיצט די „קאמיטע צוריקצוהאלטען אמעריקע פון קריג", וועלכע האט אנגעפירט א קאמפיין געגען מלחמה נאך אין דער צייט ווען דער צעהנטער אסעמבלי דיסטריקט פון דער קאמוניסטישער פארטיי האט נאך געפרעדיגט „קאלעקטיווע זיכערקייט". מיר זיינען נאך איצט געגען קריג; פערטענס, זיינען ביי אונז קיינמאל ניט געמאכט געווארען קיין אטאקעס געגען מיטגלידער פון אונזער יוניאן, צי זיי זיינען געווען מיליטאנטען, קאמוניסטען אדער אנהענגער פון וועלכער עס איז אנדער פארטיי אדער גרופע.

„די איינציגע אורזאך פאר דער אטאקע, וואס די קאמוניסטישע פארטיי האט אנגעהויבען איז דאס, וואס דער מענעדזשער אונזערער, ברודער זימערמאן איז ארויסגעטראטען געגען דעם לעצטענס געשלאסענעם פארבאנד צווישען דער סאוויעטען-רעגירונג מיט דער נאצי-רעגירונג. ער האט זיך קרעפטיג אויסגעדריקט געגען וועלכער עס איז מיטארבייטערשאפט מיט היטלער'ן.

„דער צענטער אסעמבלי דיסטריקט פון דער קאמוניסטישער פארטיי הייסט גוט דאס צוזאמענארבייטען און געגענזייטיגע שטיצע מיט די נאציס. זיי זיינען דעריבער געגען דער שטעלונג וואס ברודער זימערמאן האט גענומען.

„די אטאקע וואס דער צעהנטער דיסטריקט פון דער קאמוניסטישער פארטיי האט דעריבער געמאכט אויף אונזער יוניאן, איז ניט דערפאר וואס זיי זיינען אזוי שטארק פאראינטערעסירט אין דעם וואוילזיין פון די דרעסמאכער אדער זיינען באזארגט צו לייזען די שווערע עקאנאמישע פראבלעמען מיט וועלכע מיר ראנגלען זיך, נאר עס איז א פארזוך צו טעראריזירען אונזער יוניאן און איהרע פריינד, מיט דעם סלאגאן: „איהר נעמט אן דעם פארבאנד מיט היטלער'ן, אדער . . ."

דרעסמאכער! חברים ארבייטער! מיר האבען אלעמאל פארטיידיגט די נויטיגקייט פון איינגקייט אין אונזערע רייהען. עס איז אלעמאל געווען אונזער אמביציע און אונזער האפנונג צו האלטען אלע עלעמענטען אין אונזער יוניאן פאראייניגט צו ארבייטען פאר די אינטערעסען פון דער גאנצער מיטגלידערשאפט. מיר וועלען אט דעם גלויבען אונזערען אין איינגקייט ניט אויפגעבען. אבער מיר וועלען ניט דולדען קיין אנגריף פון אומפאראנטווארטליכע פאליטישע פראקציעס אין אונזערע פאראייניגטע רייהען.

„דרעסמאכער! חברים ארבייטער! זייט אויף דער וואך געגען וועלכען עס איז פארזוך געצילט געגען דער איינגקייט און סאלידאריטעט אין אונזערע רייהען. האנדעלט ענערגיש און באוואוסטזיניג געגען יעדען סטראשונאק פון מאסקירטע פריינט אדער שונאים פון וועלכען מען האט די מאסקע ארונטערגעריסען. אייביגע וואכזאמקייט איז דער פרייז פאר א מעכטיגע און ווירקזאמע יוניאן.

„מיר זאגען דעריבער דעם צעהנטען אסעמבלי דיסטריקט פון דער קאמוניסטישער פארטיי: איהר האט גארנישט וואס צו טאן אין אונזער יוניאן. אונזערע רייהען זיינען געשלאסען. אייער אריינדרינגונג מיינט אומאייניגקייט און כאאס. ארויס!

„עקזעקוטיוו באארד דרעסמאכער יוניאן,
לאקאל 22, א. ל. ג. וו. י.

---

## רעזאלוציע וועלכע איז אנגענומען געווארען פון דרעס פרעסערס ברענטש 760 א. ר.

די גאנצע וועלט איז אין פלאמען. מיליאנען מענשען זיינען פארורטיילט צו פארניכטונג און ווי אין אלע היסטארישע קאטאסטראפעס וועלען די אידישע פאלקסמאסען ליידען אמשטארקסטען. אין פוילען זיינען מיליאנען אידען געווארען אויסגעשטעלט אויף די קאנאנען און די אכזריות פון די בלוטיגע דיקטאטארען. זייער האב און מיליאנען לעבענס זיינען פארניכטעט געווארען. חורבן הערשט אין די שטעט און שטעטלאך פון מזרח אייראפע.

אט אין דער וועלט-טראגעדיע האט סטאלין געשפילט די שענדליכסטע ראלע. זיין אפמאך מיט היטלער'ן איז א פארברעכען וואס האט ניט קיין גלייכען אין דער געשיכטע. די מלחמה איז ניט געקומען פלוצים, מ'האט איר מיט שרעק דערווארט א לענגערע צייט. עס איז בלויז געווען א פראגע ווען היטלער וועט דעם פייער אנצינדען. דער סטאלין-היטלער אפמאך האט דעם נאציסטישען שונא פון מענשהייט מוט געגעבען אויף זיינע בעסטיאלע טאטען.

דער בונד צווישען סטאלינ'ען און היטלער'ן וואס האט אויפגעבויט זיין דיקטאטור אויף די טויטע קערפערס פון די דייטשע ארבייטער, איז געווען א געפלאנטער פארראט געגען פרידען און א פארברעכערישער אקט צום פראלעטאריאט בכלל און צו די אידישע מאסען בפרט. סטאלינ'ס הילף צו אן אנגרייפערישער רעגירונג האט אוועקגעשטעלט אין געפאר די לעבענס פון מיליאנען און מיליאנען מענשען.

א סך יארען האבען די אמעריקאנער סטאליניסטען זיך באהאלטען אונטער א מאסקע פון דעמאקראטיע און פרייהייט. זיי זיינען געווען כלומרשט דער אוואנגארד פון די פארטיידיגער פון דעמאקראטיע. יעצט איז זייער מאסקע ארונטערגעריסען געווארען. די אליגנס און זייערע נאכפאלגער שטייען יעצט פאר דער עפענטליכקייט אלס די „פינפטע קאלאנע" פון היטלער-סטאלין פאשיזם — ווי די טרייעסטע שטיצער פון דייטשען אימפעריאליזם.

מיר, די מיטגלידער פון דרעס פרעסערס ארבייטער רינג ברענטש 760 פון לאקאל 60, פארדאמען מיט צארן און פארביטערונג דעם פארראט פון דער סאוועטער רעגירונג וואס האט געוואגט אונטערצושרייבען א פאקט מיט דעם ערגסטען שונא פון ארבייטער קלאס בכלל און פון דעם אידישען פאלק בפרט. מיר ערקלערען אז עס קען שוין מער ניט זיין קיין צוזאמענארבייט מיט די יעניגע וועלכע האבען פארראטען די שענסטע פרינציפען פון ארבייטער סאלידאריטעט און האבען איבערגעגעבען די ארבייטער פון דער וועלט אין די הענט פון די בלוטיגע שונאים פון ציוויליזאציע, פרייהייט און דעמאקראטיע.

צוזאמען מיט דער אמעריקאנער ארבייטערשאפט און אלע מענשען וועלכע שטייען פעסט ביי די פרינציפען פון דעמאקראטיע, שטרעקען מיר אויס אונזער האנט צו אונזערע ברידער אויף יענער זייט ים און מיר רופען אלע ארבייטער און פאלקס-מענשען צו פארדאמען סטאלינ'ס פארראט.

י. וואסילעווסקי, טשערמאן
פ. קאפלאן, וויס-טשערמאן
י. ראזומני, סעקרעטאר.

---

## פעלער-אויסבעסערונג

מען מאכט אונז אויפמערקזאם, אז אין די קוויטירונגען וואס זיינען פארעפענטליכט געווארען אין לעצטען נומער „גערעכטיגקייט", פון דיביישטייערונגען פאר'ן נאן-סעקטאריען רעפיודזשי פאנד, האט זיך אריינגעכאפט א טעות. ברודער איבראהעם עטקין פון קאטאן גארמענט טרייד דעפארטמענט האט בייגעשטייערט צען דאלער צום פאנד און איז קרעדיטירט געווארען בלויז מיט איין דאלער. דער סך-הכל פון דער סומע וואס דער דעפארטמענט האט בייגעשטייערט, איז ריכטיג ווי אנגעגעבען.

# אונזערע בילדונגס טעטיגקייטען

מיט דעם אָנקומען פון ווינטער ערעפענט זיך דער סעזאָן פון ערענסטע בילדונגס-אַרבייט אין אונזערע אינטערנעשאַנאַל אַרגאַניזאַציעס מיט דער הילף פון דעם עדיוקיישאַנאַל דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאַנאַל. פיל לאָקאַלס אונזערע אין ניו יאָרק האָבען צוגעגרייט רייכע פּראָגראַמען פון קלאַסען, לעקציעס און אַנדערע בילדונגס-טעטיגקייטען. די מיטגלידער דאַרפען זיך וואָס מער באַנוצען מיט דער געלעגענהייט וואָס די יוניאָן גיט זיי צו שטודירען פאַרשידענע געגענשטאַנדען אין וועלכע זיי זיינען פאַראינטערעסירט.

## קורסען פון עדיוקיישאַנעל דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאַנעל.

דער עדיוקיישאַנעל דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאַנאַל אונטער דער פאַרוואַלטונג פון ברודער מאַרק סטאַר און סעקרעטאַר פאַניאַ מ. קאָהען, אָרגאַנזשירט איצט פאָלגענדע קורסען מיט וועלכע די מיטגלידער דאַרפען זיך באַנוצען:

א קורס פאַר קאַנדידאַטען פאַר באַצאָלטע עמטער; לויט דער קאָנסטיטוציע פון דער אינטערנעשאַנאַל דאַרף יעדער מיטגליד פון דער יוניאָן וואָס וויל זיין א קאַנדידאַט פאַר א באַצאָלטען אַמט דורכמאַכען א קורס אין דער געשיכטע פון דער אינטערנעשאַנאַל, טרייד יוניאָן טעכניק, עקאָנאָמיקס פון דער באַקלייד אינדוסטריע, געבוי און פונקציעס פון דער יוניאָן און ענליכע געגענשטאַנדען. איינער וואָס האָט אַזאַ קורס ניט דורכגעמאַכט קען ניט לויפען אויפען באַלאָט פאַר אַן אַמט. די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע פון דער אינטערנעשאַנאַל האָט ערעפענט אַזאַ קורס דעם 9טען אָקטאָבער. די וואָס ווילען זיין קאַנדידאַטען פאַר א באַצאָלטען אַמט מוזען דעם קורס נעמען.

א קורס ווערט אויך איינגעשטעלט פאַר נייע מיטגלידער אין דער יוניאָן, וואו עס ווערט זיי ערקלערט די רעכטען און פליכטען פון מיטגלידער.

דער עדיוקיישאַנעל דעפּאַרטמענט אָרגאַניזירט איצט א טעכנישען קורס פאַר ביזנעס אַגענטען אין אַזעלכע פראַגען ווי מעטאָדען פון פאַרהאַנדלונגען מיט בעלי בתים; באַשטימען אַרבייטס קאָסטען; דער סטאַטוס פון יוניאָנס אונטער די נייע געזעצען; און אויך ספּעציעלע פּראָבלעמען פון די טריידס אין וועלכע די ביזנעס אַגענטען זיינען פאַראינטערעסירט.

## קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן לאָקאַל 117 גרייט צו א רייכע פּראָגראַם.

די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע פון דער קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן לאָקאַל 117 האָט צוגעגרייט א זייער רייכע בילדונגס פּראָגראַם פאַר די מיטגלידער דעם סעזאָן. א. גלאַטשטיין, סעקרעטאַר, און מאָריס פיינבערג, טשערמאַן פון דער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע, האָט אונז צוגעשיקט פאָלגענדען פאַרלויפיגען פּראָגראַם.

די קאָמיטע אָרגאַנזשירט לעקציעס וועלכע וועלען געהאַלטען ווערען יעדען זונטאָג, 11 אַזייגער פרי, אין די געגענדען וואו די מיטגלידער פון לאָקאַל וואוינען.

אָפּען פאָרומס וועלען געהאַלטען ווערען מיטוואָך און שבת אין אָפיס פון דער יוניאָן איבער וויכטיגע טרייד-פּראַגען.

פון צייט צו צייט וועלען אָרגאַנזשירט ווערען סימפּאָזיומס, פאַרוויילונגען און דיסקוסיעס לויט די מעגליכקייטען. עס וועלען אויך איינגעאָרדענט ווערען קלאַסען אין ענגליש צו לערנען רעדען, שרייבען און לייענען.

די קאָמיטע וועט אָנגיין מיטן כאָר, וועלכער איז שוין איצט א טייל פון דעם אינטערנעשאַנאַל כאָר און אויך מיט דעם קינדער מאַנדאָלין אָרקעסטער.

די לעקציעס זונטאָג זיינען איינגעאָרדענט ווי פאָלגט:

יעדען ערשטער און דריטען זונטאָג אין מאָנאַט, אָנפאַנגענדיג פון נאָוועמבער, דעם 19טען, וועלען לעקציעס געגעבען ווערען 11 אַזייגער אין דער פרי אין פאָלגענדע פּלעצער: 914 פּראָספּעקט עוועניו, נעבען 16טע סטריט, בראָנקס; 1690 פּיטקין עוועניו, קאָרנער ראָקאַוועי, בראָנזוויל; 1377 — 42טע סטריט, נעבען 14טע עוועניו, באָראָ-פּאַרק; 2202 מוירמעיד עוועניו, נעבען 22טע סטריט, קאָני איילאַנד.

יעדען צווייטען און פערטען זונטאָג אין מאָנאַט, 11 אַזייגער אין דער פרי, וועלען לעקציעס געגעבען ווערען אין פאָלגענדע פּלעצער: 1955 סאָוטהערן בולוואַרד, נעבען טרימאָנט עוועניו, בראָנקס, און 971 סאַטער עוועניו, נעבען קליוולאַנד עוועניו, איסט ניו יאָרק.

די עקזעקוטיוו באָאַרד און די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע פון לאָקאַל האָבען אַרויסגעשיקט פאָלגענדען אויפרוף צו די מיטגלידער:

„ברידער קלאָוק-אָפּערייטאָרס: אונזער לאָקאַל שפּאָרט ניט קיין מיה און געלט צו באַזאָרגען אייך מיט די מעגליכקייטען פון בילדונג און פאַרוויילונג. באַנוצט זיך מיט דער געלעגענהייט! באַזוכט די לעקציעס און קלאַסען, באַטייליגט זיך אין אַלע אונטערנעמונגען. אין וויסען איז מאַכט!"

עקזעקוטיוו באָאַרד, לאָקאַל 117:
ב. באַדלענדער, טשערמאַן.
בענדזשאַמין קאַפּלאַן, מענעדזשער.
עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע:
מאָריס פיינבערג, טשערמאַן
א. גלאַטשטיין, סעקרעטאַר.

## דרעסמאַכער יוניאָן עפענט קורסען פאַר קאַנדידאַטען פאַר באַצאָלטע עמטער

וויס-פּרעזידענט טשאַרלס זימערמאַן, מענעדזשער פון דער דרעסמאַכער יוניאָן לאָקאַל 22, מעלדעט, אַז דער לאָקאַל עפענט אין גיכען א קורס פאַר מיטגלידער, וועלכע ווילען זיין קאַנדידאַטען פאַר באַצאָלטע עמטער אין דער יוניאָן אין די קומענדיגע וואַלען.

לויט דער קאָנסטיטוציע פון דער אינטערנעשאַנאַל, ווי עס איז אַמענדירט געוואָרען ביי דער קאָנווענשאָן אין 1937, מוז יעדער קאַנדידאַט פאַר א באַצאָלטען אַמט אין דער יוניאָן דורכמאַכען א סיסטעמאַטישען קורס אין יוניאָן אַנגעלעגענהייטען און יוניאָן פאַרוואַלטונג. א מעמבער וואָס האָט ניט דורכגעמאַכט ערפאָלגרייך אַזאַ קורס טאָר ניט אַרויפגעשטעלט ווערען אויפ'ן באַלאָט. צו געבען א געלעגענהייט אַלע מיטגלידער פון לאָקאַל 22 וואָס ווילען זיין קאַנדידאַטען צו לויפען פאַר אַן אַמט, אָרדענט איין די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע פון לאָקאַל אַזאַ קורס.

מיטגלידער פון לאָקאַל 22, וואָס ווילען אויפנעמען דעם קורס פאַר באַצאָלטע בעאַמטע, דאַרפען זיך רעגיסטרירען ביים עדיוקיישאַנאַל דירעקטאָר פון לאָקאַל, ברודער ווישענגראַד, אין אָפיס פון דער יוניאָן, 218 וועסט 40טע סטריט, אויפ'ן 6טען פלאָר.

## דרעס פּרעסער ערעפענען בילדונג סעזאָן.

דינסטאָג אָונט, דעם 31טען אָקטאָבער, וועט דער דרעס פּרעסערס לאָקאַל 60, ערעפענען דעם נייעם קולטור סעזאָן מיט א לעקציע פון דעם באַרימטען שרייבער און לעקטשורער עלייעס טאַרטאַק, וועלכער וועט ריידען אויף דער טעמע: „דער אַרבייטער און מלחמה". ביי דעם אָפּען-פאָרום וועלען אויך ריידען מאַקס קאָהען, וויס-פּרעזידענט פון דער א. ל. ג. וו. י. און מענעדזשער פון לאָקאַל 60 און י. וואַסילעווסקי, דער טשערמאַן פון לאָקאַל 60 און פון דער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע.

לעצטען סעזאָן, לויט דעם באַריכט פון לעאָן דענען, דער בילדונג דירעקטאָר, האָבען מעהר ווי צוויי הונדערט מיטגלידער פון לאָקאַל 60 אָנטיילגענומען אין די קלאַסען פון ענגליש, פּאַבליק ספּיקינג, אַרבייטער זשורנאַליזם, עקאָנאָמיע, ליטעראַטור און העכער טויזענט מעמבערס האָבען זיך באַטייליגט אין די לעקטשורס און אָפּען-פאָרומס וועלכע זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען דינסטאָג אָוונטס.

הייַנטיגען פאָל און ווינטער סעזאָן פּלאַנעוועט דער לאָקאַל נאָך מער אויסצוברייטערען זיינע בילדונגס-אַקטיוויטעטען, אַזוי אַז עס זאָל מעגליך זיין אַז א גרעסערע צאָל מעמבערס זאָלען זיך קענען באַטייליגען. עס זיינען שוין אָרגאַניזירט געוואָרען קלאַסען אין פּאַרלאַמענטאַרי לאָו, געשיכטע פון דער א. ל. ג. וו. י., גרונט פּרינציפּען פון סאָציאַליזם, פּאַבליק ספּיקינג און קלאַסען אין ענגליש, ספּעציעל פאַר די אידיש-שפּרעכענדע אַרבייטער.

אין א רוף צו די מיטגלידער פון לאָקאַל 60 אָנצושליסען זיך אין די קלאַסען און אַקטיוויטעטען פון דער יוניאָן האָט די עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע ערקלערט: „מיר לעבען יעצט איבער א וועלט קאַטאַסטראָפע. דעמאָקראַטיע, פרייהייט און דאָס רעכט פון אַרבייטער זיך צו אָרגאַניזירען — זאַכען וועלכע מיר האַלטען פאַר דאָס טייערסטע אין לעבען — זיינען אין געפאַר צו אונטערגראָבען ווערען פון די טאַטען פון די בלוטיגע דיקטאַטאָרען אין אייראָפּע.

„אויב אָבער די פלאַמען פון פרייהייט, יושר און גלייכבאַרעכטיגקייט זיינען אין א סך לענדער אויסגעלאָשען געוואָרען, ווי פּרעזידענט רוזוועלט האָט ניט לאַנג צוריק געזאָגט, טאָ מוזען מיר שטרעבען, אַז זיי זאָלען ביי אונז אין לאַנד זיך נאָך מעהר צעפלאַקערען.

„מיר גלויבען, אַז איינער פון די מיטלען דאָס צו דערגרייכען איז אַרבייטער בילדונג. היינט-צו-טאָג נויטיגען מיר זיך מעהר ווי ווען עס איז פריהער אין אויפגעקלערטע און קלאַסען-באַוואוסטע אַרבייטער וועלכע זאָלען זיך קענען אָריענטירען אין די קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון אונזער הייַנטיגען כאַאָטישען לעבען און ווי געהעריג זיך צוגרייטען צום קאַמף פון פאַרטיידיגען אונזערע רעכט אַלס אַרבייטער און אַלס בירגער פון די פאַראייניגטע שטאַטען.

„שליסט זיך אָן אין די קולטורעלע אַקטיוויטעטען פון אונזער לאָקאַל!

בילדונג קאָמיטעט פון לאָקאַל 60.
מאַקס קאָהען, מענעדזשער
י. וואַסילעווסקי, טשערמאַן.

## י. קאַץ, פון לאָקאַל 117, ענטשולדיגט זיך עפענטליך פאַר באַליידיגען ברודער י. אַשביז

דורך דער צייט פון דעם עלעקשאָן קאַמפּיין אין דער קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן לאָקאַל 117 לעצטען פרילינג איז מאָריס י. אַשביז, סעקרעטאַר טרעזשורער פון דער קלאָוק דזשאָינט באָאַרד, מיאוס אַנגעגריפען געוואָרען אין דעם „יוניאָן וואַנגאַרד" באַטיטלענדיג אים אַלס „פּראָוואָקאַטאָר".

דער רעדאַקטאָר פון „יוניאָן וואַנגאַרד" איז גערופען געוואָרען צו דער גריוועגס קאָמיטע פון דער דזשאָינט באָאַרד און, אויסהערענדיג די קלאַגע האָט די גריוועגס באָאַרד באַפוילען קאַצ'ן צוריקצוציען די באַליידיגונג געגען ברודער אַשביז עפענטליך. אין אַנקלאַנג מיט דעם באַשלוס האָט ברודער קאַץ אַרויסגעגעבען דעם פאָלגענדען סטעיטמענט:

דער לעצטער עלעקשאָן קאַמפּיין פון לאָקאַל 117, קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן, וואָס האָט זיך פאַרענדיגט דזשון דעם 15טען, האָט איבערגעלאָזט אַביסעל נאָכווייענישען וועלכע פאָדערען ערלידיגט צו ווערען צוליב דער נויטיגער האַרמאָניע פון אַלע שיכטען פון דער מיטגלידערשאַפט.

דער קאַמפּיין, ווי אַלע אונזערע יוניאָן קאַמפּיינס, האָט זיך נאַטירליך געפירט מיט היץ און „פּעפּער". אין אַזעלכע ליידענשאַפטליכע מאָמענטען איז מען אָמאָל ניט אָפּגעהיט מיט דער שפּראַך און פאַרוואָרפען וואָס די אָפּאָנענטען באַנוצען איינע געגען די אַנדערע.

דער שרייבער פון די ציילען, וועלכער איז געווען דער פאַראַנטוואָרטליכער אַרויסגעבער פון „יוניאָן וואַנגאַרד", האָט אין פאַרלויף פון דעם קאַמפּיין פילייכט געלאָזען די שפּאַלטען פון דער שריפט אַביסעלע צו פריי פאַר געוויסע אויסדריקען, און שטיצענדיג זיך דאַרויף זיינען אין דער מאַי אויסגאַבע פון „יוניאָן וואַנגאַרד" געמאַכט געוואָרען א פּאָר צו שטאַרקע באַמערקונגען אויף דעם חשבון פון ברודער מ. י. אַשביז, סעקרעטאַר-טרעזשורער פון קלאָוקמאַכער דזשאָינט באָאַרד.

ברודער אַשביז פילט זיך געקריוודעט און ער פאָדערט אַז דער „יוניאָן וואַנגאַרד" זאָל עפענטליך צוריקציען די באַהויפּטונג אַז ער, אַשביז, איז א פּראָוואָקאַטאָר. אַזוי ווי דער „יוניאָן וואַנגאַרד" איז, נאָכן קאַמפּיין אָפּגעשטעלט געוואָרען, מוז דער אונטערצייכענטער עס טאָן.

דריק איך אויס מיין ווירקליכען באַדויערען וואָס אַזאַ אויסדרוק איז דורכגעלאָזען געוואָרען. באמת א באַדויערנסווערטער אויסדרוק, אפילו אין דער היציגקייט פון א יוניאָן קאַמפּיין.

דזש. קאַץ

# וואָס קען און מוז איצט געטאָן ווערן פאַר אונזערע ברידער אין אייראָפּע

(אַן אויפרוף פון „אָרט" צו די אידען אין אַמעריקע)

די אויגען און די הערצער פון די אידען אין אַמע־ריקע זיינען איצט מער ווי ווען עס איז פריער געווענדעט צו אונזערע ברידער אויף דער אַנדערער זייט ים, און באַזונדערס צו דעם אידענטום אין פּוילען, וואָס לעבט איצט איבער אַזעלכע טראַגישע טעג. פון אַלע שיכטען און קלאַסען פון אַמעריקאַנער אידענטום רייסט זיך איצט דאָס געפיל פון סימפּאַטיע און באַגער צו העלפען די אַזוי טראַגיש־געטראָפענע ברידער אין פּוילען. ליידער, זיינען די איצט אָפּגעריסען און אָפּגעטיילט פון אונז מיט אַן אייזערנער וואַנט. אַלעס, וואָס מיר קענען איצט טאָן, איז וואַרטען און האָפען, אַז מיר וועלען אין גיכען ווידער קריגען אַ פאַרבינדונג מיט זיי.

אָבער, בעת מיר האָבען נאָך ניט קיין ידיעות וועגען דעם שיקזאַל פון די אידען אין פּוילען גופא, ווייסען מיר שוין, ווי טרויעריג עס איז די לאַגע פון די אידישע פליכטלינגע, וועלכע האָבען זיך אַרויסגעראַטעוועט פון גיהנום אין פּוילען. אָפּגעריסענע און צע־בלוטיגטע, האָבען מענער, פרויען און קינדער זיך געשלעפּט איבער וועגען און שטעגען, איבער וועלדער און פעלדער, כדי זיך צו ראַטעווען פון די מלחמה־טייוואָלים, וואָס האָבען פאַרשפּרייט טויט און פאַרניכטונג איבער זייערע קעפּ. אויסגעמאַטערטע און אויסגעהונגער־טע זיינען צענדליגע טויזענטער אַזעלכע נע־ונדניקעס אָנגעקומען אין רומעניע, אין ליטע, אין לאַטוויע, אין אונגאַרן און אין אַנדערע לענדער.

מיר שטייען אויך איצט פאַר אַ גרויסען אידישען פּראָבלעם אין די אַנדערע לענדער אין אייראָפּע. כאָטש בלויז עטליכע לענדער באַטייליגען זיך איצט אין דער מלחמה, געפינען זיך אָבער אַלע אייראָפּעאישע לענדער אין קריגס־צושטאַנד, און אַלע מענער זיינען דאָרט מאָביליזירט. אין פראַנקרייך, וואו עס איז פאַראַן אַרום אַ האַלבער מיליאָן אויסלענדישע אידען, מייסטענס פליכט־לינגע פון אַנדערע לענדער, זיינען כמעט אַלע מענער פון די דאָזיגע אידישע פאַמיליעס מאָביליזירט געוואָ־רען. ענליך איז די לאַגע אין אַלע אַנדערע לענדער. און אַזוי, בעת מיר מוזען געבען באַלדיגע הילף צו די מלחמה־קרבנות, די פליכטלינגע פון פּוילען, טאָרען מיר ניט פאַרגעסען אַן די הונדערטע טויזענטער פרויען און קינדער פון די מאָביליזירטע מענער אין די פאַרשידענע לענדער אין אייראָפּע, וואָס נויטיגען זיך אין הילף.

די גרויסע אידישע אָרגאַניזאַציע „אָרט", וואָס פאַר־נעמט זיך מיט קאָנסטרוקטיווער הילפס־אַרבייט פאַר אי־דען אין פאַרלויף פון די לעצטע זעכציג יאָר, איז אַמ־בעסטען צוגעפּאַסט צו טאָן די דאָזיגע הילפס־אַרבייט. אין ליטע און אין רומעניע, אין לאַטוויע און אין אונ־גאַרן, אין דער שווייץ און אין פראַנקרייך — אומעטום, וואו עס לעבען אידישע מאַסען, האָט דער „אָרט" אַ נעץ פון פאַך־שולען, קאָאָפּעראַטיווע פאַבריקען און לאַנדווירטשאַפטליכע קאָלאָניעס, אין וועלכע צענדליגע טויזענטער אידען קענען אויפגענומען ווערען, כדי צו לערנען זיך אַ פאַך און צו קריגען אַ מעגליכקייט צו מאַכען אַ לעבען. צוליב דעם, וואָס כמעט אַלע מענער אין יעדען לאַנד פון אייראָפּע זיינען מאָביליזירט, פע־לען אומעטום אויס אַרבייטער־הענט. מיר מוזען דעריי־בער אויסלערנען די גרויסע צאָל אידישע פליכטלינגע און אַנדערע נויטבאַדערפטיגע אידען אַ פאַך.

כדי אָנצופירען און צו פאַרגרעסערען די דאָזיגע וויכטיגע אַרבייט, נויטיגט זיך דער „אָרט" אין ריזיגע געלט פאָנדען. דאָס אַמעריקאַנער אידענטום איז איצט כמעט דאָס איינציגע, וועלכע איז אין אַ לאַגע צו העל־פען דעם אייראָפּעאישען אידענטום. יעדער איד אין אַמעריקע, וועלכער וויל העלפען זיינע ברידער אין איי־ראָפּע, קען עס אַמבעסטען טאָן דורך העלפען „אָרט". העלפענדיג דעם „אָרט", גיט איר ניט נאָר אַ מעגליכקייט פאַר פילע טויזענטער פון אונזערע ברידער זיך צוריק־צושטעלען אויף זייערע פיס, נאָר איר העלפט זיי אויך צוריקצוגעווינען די ווירדע אַלס מענש, דורך דעם, וואָס זיי קענען מאַכען אַ לעבען פון אַרבייט, און דאַרפען ניט אָנקומען צו צדקה.

אַמעריקאַנער „אָרט" פעדעראַציע
דזשאָרדזש בעקער — אַדאָלף העלד.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
76 Montgomery St., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6868

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XXI. No. 11. November, 1939

Entered as Second Class Matter, August 7, 1928 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.

STATEMENT OF THE OWNERSHIP, MANAGEMENT, CIRCULATION, ETC.,

required by the Acts of Congress of August 24, 1912, and March 3, 1933 of GERECHTIGKEIT, published Monthly at Jersey City, N. J., for October 1, 1939.

State of New York
County of New York SS:

Before me, a Notary Public in and for the State and county aforesaid, personally appeared Joseph Gladstone, who, having been duly sworn according to law, deposes and says that he is the Circulation Manager of the GERECHTIGKEIT and that the following is, to the best of his knowledge and belief, a true statement of the ownership, management, etc., of the aforesaid publication for the date shown in the above caption, required by the Act of August 24, 1912, as amended by the Act of March 3, 1933, embodied in section 537, Postal Laws and Regulations, printed on the reverse of this form, to wit:

1. That the names and addresses of the publisher, editor, managing editor, and business managers are:
Publisher: International Ladies' Garment Workers Union, 76 Montgomery St., Jersey City, N. J.
Editor: Dr. B. Hoffman, 3 West 16th St., New York, N. Y.
Managing Editor: None.
Business Manager: None.

2. That the owner is: International Ladies' Garment Workers Union, 76 Montgomery St., Jersey City, N. J. David Dubinsky, President and General Secretary-Treas., 3 West 16th Street, New York, N. Y.

3. That the known bondholders, mortgagees, and other security holders owning or holding 1 per cent or more of total amount of bonds, mortgages, or other securities are: None.

4. That the two paragraphs next above, giving the names of the owners, stockholders, and security holders, if any, contain not only the list of stockholders and security holders as they appear upon the books of the company but also, in cases where the stockholder or security holder appears upon the books of the company as trustee or in any other fiduciary relation, the name of the person or corporation for whom such trustee is acting, is given; also that the said two paragraphs contain statements embracing affiant's full knowledge and belief as to the circumstances and conditions under which stockholders and security holders who do not appear upon the books of the company as trustees, hold stock and securities in a capacity other than that of a bona fide owner; and this affiant has no reason to believe that any other person, association, or corporation has any interest direct or indirect in the said stock, bonds, or other securities than as so stated by him.

JOSEPH GLADSTONE, Circulation Manager

Sworn to and subscribed before me this 11th day of October, 1939.

SIEMON L. HAMBURGER,
Notary Public
(My commission expires March 30, 1941.)



# וויס־פּרעזידענט ליווי באַשטימט אַלס אינטערנעשאַנעל פאַרטרע־טער אויפ'ן פּאַסיפיק קאָוסט

וויס־פּרעזידענט לואיס ליווי איז באַשטימט גע־וואָרען פון פּרעזידענט דובינסקי אַלס פאַרטרעטער פון דער אינטערנעשאַנאַל אויפן פּאַסיפישען קאָוסט אויפן פּלאַץ פון וויס־פּרעזידענט י. פיינבערג, וועלכער איז געוואָרען גענעראַל מענעדזשער פון דער קלאָוק דזשאָינט באָארד אין ניו יאָרק.

די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאַנאַל זיינען באַ־קאַנט מיט דער לאַנג יאָריגער טעטיגקייט פון וויס־פּרעזידענט לואיס ליווי אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן פון ניו יאָרק און אין דער אינטערנעשאַנאַל. ליווי איז געווען פאַרבונדען מיט אַלע קאַמפען און טעטיגקייטען פון דעם קלאָוקס אָפּערייטאָרס לאָקאַל 117 און דער קלאָוק דזשאָינט באָארד פאַר קאַרגע 30 יאָר. ער האָט אָנגעהאַלטען אַלע מעגליכע עמטער אין דער יוניאָן, פון אַן איינפאַכען עקזעקוטיוו באָארד מיטגליד ביז עקטינג דזשענעראַל מענעדזשער פון דער דזשאָינט באָארד. די לעצטע עטליכע יאָר איז ער געווען דער מענעדזשער פון לאָקאַל 117 ביז לעצטעס יאָר ווען ער האָט זיך צוריק־געצויגען פון ווייטער אָנגעמען דעם אַמט איבער קראַנק־הייט. איצט איז ער ווידער אימשטאַנד אויפצונעמען די וויכטיגע יוניאָן אַרבייט און פּרעזידענט דובינסקי האָט אים באַשטימט אויף דער נייער פאַראַנטוואָרטליכער פּאָ־זיציע.

וויס־פּרעזידענט ליווי איז אָפּגעפאָרען נאָך לאָס אַנדזשעלעס איבערצונעמען דעם נייעם אָפיס, דאָנערש־טאָג, דעם 26טען אָקטאָבער. פאַר זיין אָפּפאָר האָבען פריינד פון דער יוניאָן און פערזענליכע פאַרערער אים געגעבען אַן אָפּשייד לאַנטשען שבת ביי טאָג און אַ סאָ־ציעלען דינער זונטאָג אָוונט.

# „פּינס און נידעלס 1940" — אַ גאַנץ נייע רעוויו

„פּינס און נידעלס", די מיוזיקאַל ריוויו פון אונ־זער לעיבאָר סטעידזש וואָס האָט געמאַכט אַזאַ רושם איבער גאַנצען לאַנד, גרייט זיך צום דריטען יאָר שפּילען מיט אַ גאַנץ נייעם פּנים. בלויז דריי אָדער פיר פון די אָריגינעלע נומערן פאַרבלייבען אין ריוויו. אַלע איי־בעריגע נומערן, סקיטס און טענץ זיינען נייע. די אָריגינעלע נומערן פאַרבלייבען פאַרלויפיג — „זינג מיר אַ ליד פון סאָציאַלער באַדייטונג"; „קיי־נער טשעפּעט זיך צו מיר ניט"; „זונטאָג אין פּאַרק" און „טשעין סטאָר דעיזי".

זיבען נייע נומערן פאַרפאַסט פון האַראָלד רו־ם און דזשאָזעף שרענק געהען אַריין אין ריוויו. די זיינען: „מני, מני, תקל"; „פאַרלאָרענער גר[illegible]"; „די האַרמאָני באָיס"; „בערטאַ די אָפּערייטאָריך"; „[illegible] די פּאַרטי דאַרף האָבען"; „מיר זינגען, אַמעריקע" און איין נומער וועלכער האָט נאָך קיין נאָמען ניט איבער דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע.

אַ חוץ די 11 נומערן זיינען פאַרבליבען פינף נומערן פון דער 1939 אויפלאַגע פון „פּינס און ני־דעלס" ווי „דער רויטער מיקאַדאָ", „טאַטע לאָזט מאַמע גריך"; „איך האָב דעם מוט צו פאַרליבען זיך"; „צוריק צו דער אַרבעט" און „קרים אָון מעש".

די באַנייטע ריוויו הויבט אָן שפּילען אין ווינ־דזאָר טעאַטער דעם 0טען נאָוועמבער. מען מעג זיין, אַז אַלע וואָס האָבען געזען די ערשטע צוויי לאַגעס פון „פּינס און נידעלס" וועלען ניט פאַרפעלען צו קומען זעהן די נייע, פיל פאַרבעסערטע, און דערנייזירטע אויפלאַגע, וועלכע האָלט אָן דעם נאָמען און איז פול מיט נייעם געלעכטער און פאַרגניגען.

דעם 7טען נאָוועמבער, עלעקשאָן טאָג, שפּילט „פּינס און נידעלס" אַ ספּעציעלע מאַטינע פאָרשטעלונג. טי־קעטס צו קריגען אין ווינדזאָר טעאַטער, 48סטע סטריט איסט פון בראָדוועי.

# m Labor and Prog

## N AMERICAN LABOR TICKET



**SALVATORE NINFO**
City Councilman, Bronx



**JOSEPH TUVIM**
Sheriff, Kings



LANGDON
City Council



BENJAM
Municipal
Eighth

*te*
7 C
*Machine*



*Vote For*
COUNCILMEN
*on*
PAPER BALLOT

## ES. DUBINSKY ges Members Rally to Labor rty Candidates



ISIDOR LAZARUS
City Court Judge, New York



BERTHA
Supreme Court

the International
ummons of duty
November 7, to
PARTY.

o far as elections
ionists and to all
ver, this is a very
Party, the Party
unions and for-
d build into an
s year is of tre-

as strong delega-
York in the City
onal representa-
in the City Gov-
rs is being heard
s of our City and
l duty, as citizens
nd Judicial can-
n in the past,
at all our friends

There is another important consideration. The world is in agony today and our own country is deeply affected by the tragic events abroad. We do not know what problems the next month, the next week will bring to us here. Next year may be a crucial year in American political and social life and, as organized workers, it is our business to prepare ourselves the best we can in advance. We must make sure that New York State, the most important State in this country, is safe for progress and true democracy when the test comes. To that end we must preserve and strengthen our American Labor Party and rally all progressive forces in our City and State back of it. We must not fail likewise to exert every effort to the end that the American Labor Party remain under the guidance and control of the labor movement and not fall into the hands of enemies of labor no matter under what disguise they operate.

Members of the International Ladies' Garment Workers' Union! Rally next Tuesday, November 7, to the support of the American Labor Party! Let's elect to the New York City Council an even stronger delegation of labor men and true progressives. Let us elect to the bench the sterling candidates of our Party. Let's build our Party for today and for the days to come!

**DAVID DUBINSKY, President**
International Ladies' Garment Workers' Union.



ARTHUR
City Court

# v. 7, f om 6 A. M. to 6 P. M.

# 1939 ALP Candi


HARRY W. LAIDLER
City Councilman, Kings


JOSEPH BELSKY
City Councilman, Kings


ANDREW R. ARMSTRONG
City Councilman, Kings


A. JOSEPH DONNELLY
City Councilman, Queens


ALEXANDER KAHN
Supreme Court, Second District


CHARLES SOLOMON
District Attorney, Kings


HENRY I. NAGIN
Municipal Court Justice,
Second Dist., Kings


FRANK MONACO
Municipal Court Justice,
Fourth Dist., Kings


HARRY ROSEN
Municipal Court Justice,
Fifth Dist., Kings


LENNIE L. GEORGE
Municipal Court Justice,
Second Dist., Kings


GEORGE RIFKIN
Municipal Court Justice,
Fifth Dist., Kings


ELIAS GARTMAN
Municipal Court Justice,
Sixth Dist., Kings

# ...ve Ranks



...ES RUBINSTEIN
...uncilman, Bronx



CHARLES BELOUS
City Councilman, Queens



...G H. GERBER
...al Court Justice,
...th Dist., Kings



ROBERT H. HASKELL
Supreme Court, Second District



...OB PANKEN
...Court, First District



LOUIS P. GOLDBERG
City Court Justice, Kings



...THY KENYON
...al Court Justice,



BENJAMIN WYLE
Assembly

# s from Labo

## MEN ON AMERICAN



OSSWAITH
n, New York



SALVATORE NINFO
City Councilman, Bronx

*Vote*
**ROW C**
*On The Machine*



*Vote Fo*
**COUNCIL**
*on*
**PAPER BA**

ew York

# PRES. DUBINSK
# Urges Membe
# To Rally to Labo
# Party Candidate

ll upon you, members of the International
kers' Union, to obey the summons of duty
xt Election Day, Tuesday, November 7, to
e AMERICAN LABOR PARTY.

this may be an off year so far as elections
e workers, to the trade unionists and to all
n our City and State, however, this is a very
r. To the American Labor Party, the Party
ith other progressive labor unions and for-
in our State have helped build into an
strument, the election this year is of tre-

Labor Party, our Party, has strong delega-
ounties of Greater New York in the City
n the basis of proportional representa-
l judges and other officials in the City Gov-
ce of the organized workers is being heard
e Labor Party in the affairs of our City and
the nation. It is our sacred duty, as citizens
t all our City Council and Judicial can-
o it, as we have shown in the past,
our Party and see to it that all our friends
do so.

There is another
agony today and our
events abroad. We d
the next week will br
year in American p
workers, it is our bus
advance. We must
important State in t
democracy when the
and strengthen our A
sive forces in our Ci
likewise to exert ever
Party remain under t
ment and not fall in
under what disguise

Members of th
Union! Rally next
American Labor Par
cil an even stronger
ives. Let us elect t
Party. Let's build ou

Inter

pen, Nov. 7, f om 6 A

